# קאנגרעס-נומער.

№ 36.　　　　　　　　　צווייטער יאהרגאנג

יודישע
# פאלקס-צייטונג

2 September 1903.　　　　פערלאג „פאלקס-בילדונג" ווארשא.　　　　י' אלול תרס"ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג" איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „הילף"

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם דאזיגען סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די **בעסטע שריפטשטעלער**, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברייאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין אייראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך **אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.**

ביז יעצט האבען זיך אנגערופען מיטצואַרבייטען אין זאמעל-בוך „הילף": נישט יודישע שריפטשטעלער: **לעוו טאלסטאי; מאקסים גארקי; וולאדימיר קאראלענקא; אנטאן טשעהאוו; עליזא ארזשעשקא; ראשער היין; פראפעסאר באזשענאוו.**

יודישע שריפטשטעלער: **מענדעלי מוכר ספרים; שלום עליכם; דוד פרישמאנן; בן-עמי עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אלעזר שולמאן; ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד"ר י. ליאקומאוויטש; מ. מ. הורוויץ; א. ד. ראזענטהאל; יעקב כהן; י. ח. ראבניצקי; יוסף יפה; דוד פינסקי; י. לערנער; יהודה שטיינבערג; ליפמאן לעווין; א. רייזען; ל. יפה; א. ש. זאקס.**

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג".

Nr. 36. | Jüdische Volks-Zeitung | צווייטער יאהרגאנג.

יודישע
# פאלקס-צייטונג
א וואכען-בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס-פּרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פּרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

2 September 1903. | Nr. 36. | י' אלול תרס"ג.

אין גיכסטען וועט צעשיקט ווערען די אבאנענטען פון די „יודישע פאלקס-צייטונג" דער

## צווייטער באנד

פון

## „שלום-עליכם'ס אלע ווערק".

אינהאלט.

מעשות פאר יודישע קינדער:





## אונזערע אספות.

זעהר זעלטען פאהרט אדורעגאט אוועק פון איין אספה גאנץ צו פרידען מיט די פארהאנדלונגען פון דער אספה.

איך זאג „מיט די פארהאנדלונגען", ווייל מיט די רעזאלוציעס איז א פשיטא, אז ניט מיט אלע קאן יעדער דעלעגאט, צופרידען בלייבען. די רעזאלוציעס (רעשעניעס) זענען א פראדוקט פון דעבאטען און וכוחים, אמאל שטארק הייסע, אמאל אפילו גאר צעהיצטע, און ס'איז דעריבער גאנץ אוממעגליך, אז זיי זאלען אלע יעדען געפעלען.

פאר וואס זשע איז מען מיט די פארהאנדלונגען אליין אויך ניט צופרידען?

ווייל שוין פון אנהויב אן ווערד ביי יעדער פארזאמלונג אויסגעקליבען א פרעזידיום, וועלכעס פיהרט זיך זעהר פארטייאיש, דאס הייסט לטובה פון דער פארטיע, צו וועלכער דאס פרעזידיום געהערט.

איך ווייס ניט ווי סע געהט פאר אין די גרויסע פארלאמענטען, נאר דער געזונטער שכל און דער יושר זאגען אונז, אז א פרעזידיום דארף זיך אויסטון פון די פארטייאישע פניות און אין גלייכער מאס שיצען אלע גרופען פון דער פארזאמלונג. ווען אבער א פרעזידיום פיהרט זיך אביסל ניט מיט יושר, ווערד געגען איהם ערהויבען איין אגיטאציע פון זיינע מתנגדים, אזוי לאנג ביז זיי ווארפען איהם אראפ און קלויבען אויס איין אנדער פרעזידיום. און ווען אפילו די מתנגדים זענען ניט גענוג שטארק דאס פרעזידיום אראב צו ווארפען קענען זיי דורך איין אבסטרוקציע, דאס פרעזידיום נייטען זיך אבצוזאגען.

ביי אונזערע פארזאמלונגען אבער?

אונזערע פארזאמלונגען ווערען אבגעהאלטען אויף זעהר קורצער צייט. און ארבייט האבען מיר פאר יעדער פארזאמלונג איבער'ן קאפ, תמיד בלייבט נאך עפּיס איבער ניט דערקאנטשעט, אזוי אז פון איבערבייטען דאס פרעזידיום קאן גאר קיין רעדע ניט זיין. און דאס פרעזידיום נוצט אויס אונזער שוואכקייט און פיהרט זיך ביד רמה.

פון דעסטוועגען איז זעהר שעדליך אט דיזע אומצופרידענהייט פון די פיהרער, וואס קארעניעט זיך איין אין אלע דעלעגאטען איי אונזערע אספות. זי רייסט ארויס פונ'ם הארצען די אמונה, אז דורך דעם צוזאמענרעדען זיך, וועט אמאל עפּיס אויסגעבעסערט ווערען, און פלאנצט אויף דעם ארט איין א יאוש, מע איז זיך שוין מיאש עפּיס אויפצוטון, עפּיס אויסצובעסערען.

אין אונזערע אספות ווערד אפטמאל דאס פלענום פארגוואלדיגט פון דעם פרעזידיום נאר דערפאר, וואס ס'איז ביי אונז נאך ניטא

קיין שום תקנות, וועלכע זאלען שיצען דאס פלעניום פאר די גע־וואלד פון דעם פרעזידיום, אונזער קאנגרעס האט חאטש איין אויס־געארבעטע געשעפטסארדנונג אונ דער דעלעגאט, וואס זעהט, אז דער פרעזידענט רויבט פון איהם זיין רעכט, האט חאטש אויף וואס זיך צו פארופען. ביי אונזערע לאנדס־אספות איז דאס אויך ניטא אונ יעדער פרעזידענט שאפט פאר זיך דינים אין יעדער צייט ווי איהם פאסט.

איך וויל רעקאמאנדירען אונזערע מורשים, זיי זאלען אבשטע־לען זייער בליק אמאל אויך אויף דעם פונקט פון דעם אינעווענינסטען ציוניסטישען לעבען אונ אמאל אויסארבייטען א געשעפטסארדנונג פאר אונזערע אספות אין הסכם מיט די באזונדערע תנאים, אין וועלכע סע קומט אונז פאר צו ארבייטען, אונ אויף איינעם פון די אספות זאלען זיי די דאזיגע געשעפטסארדנונג פארלעגען צו בעשטעטיגען.

לאמיר חאטש האבען א שלחן ערוך, אויף וועלכען מיר זאלען זיך קענען בעציהען בעת פארשידענע פרעזידענטען וועלען אין זייערע פארטייעשע אינטערעסען זיך פרובען אונטערדריקען די רעכטע פון דער אספה.

משה קליינמאן.

# דער זעכסטער קאנגרעס.

פון אונזערען שפעציאל קארעספאנדענט.

אין באזעל, אין דער שטאדט, וואס איז פאר אונז, ווי אר־חיטעקט מארמארעק האט זיך אמאל אויסגעדרוקט, — געווארען א היסטארישע קדושה, האט ווידער אנגעהויבען שלאגען דער יודישער דפק.

שוין פון מאנטאג (17 אויגוסט) אן האבען זיך אנגעהויבען קליינע אונ גרויסע אספות. אייגענטליך האבען זיך די דעלעגירטע אנגעהויבען צונויפקומען נאך אויף שבת, נאר ביז עס איז ניט געווען קיין גרויסע צאהל דעלעגאטען האט מען ניט געקאנט אנהויבען „עפּיס צו טוּן".

אונ וויסען דארפט איהר, אז די דעלעגאטען, וואס קומען קיין באזעל זענען הימעל־מענשען. ווער עסען, ווער שלאפען — נאר טוּן אונ טוּן, דאס איז דאס איינציגע וועגען וואס א דעלעגאט אין באזעל טראכט. עפּיס ווי א פיעבער נעמט דורך דעם דעלעגאט אונ סע ווארפט איהם פון איין זיצונג צו דער אנדערער, פון איין זאל אין דעם אנדערען. ווי א פויגעל פליהט ער ארום פון איין האטעל צום אנדערען, פון איין רעפעראט צום אנדערען, אלעס וועלענדיג איינ־שלינגען, פון אלעמען הערען אונ וויסען אונ אייביג מורא האבענדיג, טאמער האט ער עפּיס פארפעהלט, ניט אומעדום געוועזען, ניט אלעס געזעהן אונ געהערט!

לאזען זיך די פילאזאפען ברעכען די מחות אונ ערקלערען פון וואנען דאס נעמט זיך — גיש־קשה מיר האבען ב"ה היינט נענוג פי־לאזאפען, וואס האבען ניט וואס צו טון; למאי זאל מען טאקי זיי ניט אפגעבען אויך א שטיקל קאנגרעס־ארבייט! מיין ארבייט איז עס א וודאי ניט. איך קאן נאר איבערגעבען דברים כהויתן, וואס גע־זעהן אונ וואס געהערט.

ובכן איז מען אין באזעל שוין פארארבעט.

מאנטאג אויף דערנאכט א זיצונג פון דער חברה „עבריה", וואס וויל, אז מע זאל איינפיהרען לשון־קודש־רעדען, דינסטאג אין דערפריה ווידער „עבריה", בייטאג „פאליטישע ציוניסטען", אויף דערנאכט „מזרחי", מיטוואך אין דערפריה ווידער „מזרחי" אונ ווידער פאליטישע ציוניסטען, בייטאג עפענט זיך די קאנפערענץ פון די רוסישע ציוניסטען.

איך מוז מיך מודה זיין, אז איך בין געקומען שפעטליך, איך קאן דעריבער ניט איבערגעבען אלעס וואס פריהער איז געשעהן, דען מיט פרעמדע הענט איז נאר גוט, ווי מע זאגט, פייער צו שארען. איך היפּער דעריבער איבער אלע קליינע פריהערינע אספה'לעך אונ הויב אן גלייך פון דער קאנפערענץ.

# פעליעטאן.

## אין די וואַרמבעדער

(בילדער, טיפען, באגעגענישען, צרות אונ פארגניגען.)

פון

**שלום־עליכם.**

I.

(א בהלה אין וויען, איין אומגליק מיט דער שפראך, ניטא וואס צו עסען.)

ביז וויען האבען מיר זיך אלע געהאלטען איינס, אפגערעדט מיר זאלען אלע פארפאהרען אויף איין סטאנציע, אלע געהן צו איין פראפעסאר — הכלל אומעדום אינאיינעם, נאר פון דער ערשטער מינוט אן, וואס מיר זענען געקומען קיין וויען, איז געקומען אויף אונז אלע־מען א טומעל, א לויפעניש מיט איין אויסחאפעניש. דער ערשטער אומ־גליק האט זיך גענומען פון די ווינער ארטעלשטשיקעס, וואס האבען זיך א לאז געטאן צו אונז ווי די מלאכי חבלה, עפּיס געריעדט צו אונז מיט א מאדנע לשון, נישט געקוקט אין די אויגען אריין, געחאפט אונ־זער באגאזש אונטער די הענט אונ א זאג געטאן:

— געפּעק! געפּעק!

— וואס געפּעק? ווער געפּעק? ווייס איך נישט, מיין חיה עטיל וויל זיי איינהאלטען, קוקט אויף מיר ווי איינער רעדט: „וואס שווייגסט דו?" נאר די מלאכי חבלה הערען אונז ביידען ווי המן דעם גראגער, זיי האבען פארנומען אונזערע פעקלעך אונ מארש, איך ווייס אליין ניט וואוהין, אונ מיר נאך זיי.

— וואס לאזט דו זיי? — שרייט צו מיר מיין חיה עטיל אונ לויפט מיט מיר אינאיינעם נאך די מלאכי חבלה — פאר וואס פרעגסט דו זיי חאטש ניט וואוהין טראגען זיי אונזערע זאכען? דו קאנסט דאך מיט זיי רעדען אויף דייטש!

— מסתמא אויפ'ן וואקזאל — זאג איך — וואס האסט דו מורא?

— אזוי? וואס האב איך מורא? ס'איז דיר דאס אנדערע קוישעל מיט'ן ציהרונג? — אונ מיין חיה עטיל איז שוין פארטיג אפשפּיעלען מיר א וויוואט ווי איך בין ווערט, דערזעהען מיר די מומע נחמה פון אצע־לעם ליגען אויף דער ערד אויסגעצווינגען אונ פארשפּרייט ביידע הענט אויף איהרע פעקלעך ווי א געטרייע מוטער, וואס באשיצט איהרע קינדער, אדער ווי איין אדלער, וואס מע וויל ביי איהם אוועקרויבען זיינע קליינע אדלערלעך. איינער פון די מלאכי חבלה שטעהט איבער איהר אונ וויל נעמען טראגען די זאכען, לאזט זי איהם ניט אונ שרייט אויף א קול:

# די רוסישע קאנפערענץ.

## די ערשטע זיצונג.

אין זאל זענען דא בערך א הונדערט דעלעגאטען פון רוסלאנד און ווען ביים אנהויב זענען שוין דא 100 מעג מען רעכענען, אז אין גאנצען וועלען היינטיגס יאהר קומען פון רוסלאנד 300 דעלעגאטען און אויב אויך אנדערע לענדער וועלען אזוי שטארק פארטרעטען זיין, וועט דער קאנגרעס האבען ביז 600 און אפשר 700 דעלעגאטען. אזא צאהל האט נאך קיין קאנגרעס ניט געהאט.

די זיצונג ווערד געעפענט פון דאקטאר קאהן-בערנשטיין. די ראיאנס-פארשטעהער זענען מודיע, אז די רעכנונג פון זייער טעטיגקייט פאר'ן זעקסטען קאנגרעס-יאהר איז נאך ניט איבערגעשריבען, און עס וועט ערשט פארטיג ווערען צו דער אנדערע זיצונג. לעת עתה וועט מען זיך פארנעמען מיט אויסקלויבען א ביורא פאר דער קאנפערענץ און נאכדעם וועט הער בצלאל יפה פארלעזען זיינע רשימות פון דער נסיעה אין ארץ-ישראל, וואס ער האט ערשט געמאכט.

עס פארקניפט זיך א ויכוח וועגען דעם. א טייל געפינען, אז רשימות פון א פריוואט-מענשען, וואס איז פריוואט געווען אין ארץ-ישראל א חודש, קאן ניט האבען קיין אינטערעס פאר דער אספה. צווישען די דעלעגאטען געפינען זיך נאך אזוינע, וואס זענען געווען אין ארץ-ישראל און אז יעדער יועט וועלען פאר דער אספה פארלעזען זיינע אייגענע רשימות און נאטיצען וואלט די אספה זיך פארוואנדעלט אין א לעזע-אבענד, וואס איז כלל ניט דער צוועק פון אונזער צוזאמענפאהר אין באזעל.

אנדערע לעגען פאר, מע זאל בעסער דערציילען דעם עולם מעשה-קישינוב. גלייך ווי מע וואלט שוין ניט אלעס געוואוסט מיט אלע פישטשעווקים פון די צייטונגען. א פנים א יוד האט ליב צו דערציילען פון די עשר מכות טאקי ביז'ן ווייסען טאג אריין. צום גליק זענען ביידע פארשלעגע פון דער אספה ניט אנגענומען געווארען. מע האט אויסגעקליבען א ביורא. אין וועלכען דאקטאר קאהן-בערנשטיין איז אריין אלס פרעזידענט, די הערען ראזענבוים און דיזענהאף אלס וויצעפרעזידענטען, פינקעלשטיין און ל. יפה אלס סעקרעטערע. דערנאך האט זיך די פערזאמלונג אויפגעשטעלט צום טרויעריגען אנדענקען פון די קדושים אין קישינוב. עס האט זיך געמאכט א שמועס וועגען דער איצטיגער לאגע פונ'ם ציוניזם און פון דעם דאזיגען שמועס איז דער עולם אזוי צעהיצט געווארען, אז ער האט אנגענומען איין החלטה בזה הלשון:

מיר אלע רוסישע ציוניסטען שווערען, אז מיר וועלען אייביג בלייבען געטריי דעם ציוניזם. און וואס עס זאל ניט פארקומען ארום אונז אין דער אויסענוועלט וועלען מיר פון אונזערע פאסטען ניט אבטרעטען.

די בעגייסטערונג, וועלכע די דאזיגע רעזאלוציאן האט געפונען צווישען די ציוניסטען און די שטארקע הסכמות, מיט וועלכע מע האט זי בעגריסט, זענען ווירקליך ווערט צו בעצייכענען, דאס ווייזט אונז, אז אונזערע ברידער ציוניסטען זענען שוין גאנץ גוט פארשמאלצען געווארען מיט זייער ארבייט און קאנען זיך פון איהר בשום אופן ניט אבזאגען, אז זיי זענען חוץ דעם שוין אזוי ווייט אויסגעוואקסען, אז מיט א חדר-קאנטשעק שרעקט מען זיי שוין ניט אפ, און, וואס דאס וויכטיגסטע איז, אז דער אידעאליזם אין דעם ציוניזם איז נאך גרויס גענוג, אז דעם ציוניזם האבען זיי אויפגעפאסט ניט ווי שונאים זאגען אלס א בעל-הבתי'שע מאדע-זאך. ניין! אונזערע ציוניסטען זענען גרייט פאר זייער זאך עפים מעהר מקריב צו זיין אלס א שעה שלאפען נאך א זאטען אנבייסען!

## די צווייטע זיצונג.

דעם אנדערען אין דער פריה, דאנערשטאג איז עס געוועזען, האט זיך די אספה פון די רוסישע ציוניסטען ערשט באמת אנגעהויבען. הער טעמקין האט אנגעהויבען פארצולעזען דעם ראפארט

---

— טשעפעט ניט די וועשטשעס, איך וועל מיר א מעשה אנטהון!

אזוי קאמיש און לוסטיג האט אויסגעזעהן די דאזיגע סצענע, אז מיר האבען זיך ביידע נישט געקאנט איינהאלטען און האבען זיך געקאטשעט פאר געלעכטער.

— מומעניו, נאט איז מיט אייך! — מאכט צו איהר חיה עטיל — וואס האט איהר מורא? אט טראגט מען דאך אונזערע וועשטשעס אויך און מיר האבען קיין מורא ניט...

בתוך כך האבען מיר אין דער בהלה פארלוירען די יעקאטע־רינאסלאווער דאמע מיט דער טאכטער און מיט דער שוועסטער און א דאנקען גאט, וואס מיר האבען זיך חאטש געהאלטען אין דרייען מיט דער מומע נחמה, וואס האט זיך אנגעהאלטען אן מיין חיה עטלין ביים קליידל, ניט אפגעלאזט ני אויף קיין טריט און חיה עטיל האט זיך אנגעהאלטען אן מיר און אזוי זענען מיר געווען אלע דריי שוין נישט צעשיידט.

אויסגעגריזעט מיט גרויסע צרות דעם באגאזש, דערציילט מיר איינער פון די מלאכי חבלה, א רויטער דייטש מיט א ווייסען פארטוך עפים א גאנצע מעשה אויף זיין געמוטשעטע לשון, וואס מע פארשטעהט ניט א ווארט, מחמת ער רעדט נישט מיט'ן מויל, נאר מיט'ן האלז, און מיט אזא מהירות, קוים וואס מע חאפט מיט'ן אויהער. איינציגע ווערטער נאר האב איך געהאפט: „האטעל"... „פערד"... „וואגאן"...

— וואס וויל ער, כ'וועל מיר א מעשה אנטהון!? — מאכט די מומע נחמה צו חיה עטלין.

— פרעג איהם וואס וויל ער? — מאכט צו מיר חיה עטיל — פרעג איהם אויף דייטש וואס זאגט ער?

— ער פרעגט זאג איך — ווי אזוי מיר ווילען פאהרען אין שטאדט אריין? צי מיט פערד צי מיט'ן טראמוואי?

— מיט סוסים! — מאכט צו איהם די מומע נחמה און אויף מיר און אויף חיה עטלין פאלט אן א געלעכטער.

— גענוג שוין לאכען — זאג צו מיר חיה עטיל — זאג איהם אויף דייטש, אז מיר ברויכען איין איזוואשטשיק.

— פיואיט! — מאך איך צו איהם און טהו א פייף און ווי א שמיים מיט דער בייטש, ער זאל מיך פארשטעהן, און שטעלט אייך פאר, אז ער האט מיך באלד פארשטאנען.

— יא וואהל! — מאכט ער צו מיר, און אין צוויי מינוט ארום זיצען מיר שוין אלע דריי אין א גרויסארטיגען פאיעטאן מיט אזעלכע גענונטע סוסים, וואס ביי אונז זעהט מען דאס גאר נישט. אויך דעם באגאזש האט ער אונז ארויפגעפעקעלט דער געלער דייטש מיט די געזונטע פלייצים, איך רוק איהם אריין אין יד אריין א שענע מטבע, חאפט ער אראפ דאס היטעל און דאנקט אונז אן א פולע קאפ, דער קוטשער פון די סוסים, א גאנצער דייטש מיט א לילקע-ציבעך, נעמט

פונ'ם יאהר. פון דעם חשבון זעהען מיר ארויס, אז אין דעם יאהר האט זיך די ציוניסטישע ארבייט אין רוסלאנד א שטארקען רוק געטאן פארווערטס.

דעם ראפּארט איינגענטליך האט געדארפט צונויף שטעלען דער פיהרער פונ'ם אינפארמאטיוווען צענטר הער דאקטאר יאקאבזאהן, נאר ווייל ער איז קראנק געווען האט ער די ארבייט איבערגעגעבען טעמקינען. הער טעמקין איז אבער אויסער דעם אויך גענוג בעשעפטיגט מיט זיין ראיאן, און צולעצט האט ער נאך געמוזט איבערנעמען אויך דעם ראיאן פון הערן אוסישקין, ווייל ער איז אוועק געפאהרען קיין ארץ־ישראל. דאס אלעס האט געבראכט דערצו, אז דער ראפּארט איז ניט פאלקאמען געמאכט געווארען. א סך ידיעות פעהלען אין איהם, ווייל א טייל ראיאן־פארשטעהער האבען גאר קיין ידיעות ניט צוגעשיקט פון זייערע ראיאנען און א טייל האבען געשיקט צו שפּעט אזוי, אז עס איז שוין ניט מעגליך געווען. זיי אנצושליסען אינ'ם ראפּארט.

פון דעסטוועגען קאן מען שוין פון דעם ביסל ידיעות, וואס האט זיך געפונען אין זיינע הענט, און וועלכע זענען נאר ביז צום ערשטען יוני, דאס הייסט ביז צוויי חדשים פאר'ן קאנגרעס, פונקט די צוויי חדשים, אין וועלכע די ציוניסטישע ארבייט ווערד געוועהנליך שטארקער — אז די צאהל פון די ציוניסטען איז אין דעם לעצטען יאהר שטארק געוואקסען. די ערטער אין רוסלאנד, וואו דער ציוניזם האט זיך געפונען א נעסט, זענען פאריאהרען געווען בסך־הכל 648, איצינד אבער זענען זיי 896, דאס הייסט די צאהל פון די ציוניסטישע מקומות האט זיך פארגרעסערט אין דעם יאהר אויף 38 פראצענט.

און אז די צאהל פון די ערטער ווערד מעהר איז שוין ממילא אויך די צאהל פון די אגודות מעהר. און באמת זעהען מיר, אז פאריאהרען, האט די ציוניסטישע ארגאניזאציע געצייהלט 1046 אגודות, היינט צייהלט זי שוין 1572 אגודות, חוץ א גאנצע מאסע פון אגודות, וואס די ארגאניזאציע רעכענט זיי ניט אין איהר חשבון, ווייל זיי האבען נאך ניט דערפילט די פאדערונגען, וואס דער מינסקער צוזאמענפאהר האט געשטעלט.

א טייל פון די אלטע אגודות זענען אין דעם יאהר, ווי אלע יאהר, אבגעפאלען, מחמת פארשידענע סבות. אמאל מחמת די ארבייטער פון דער אגודה זענען זיך צעפאהרען, א מאל ווייל א טייל פון דער אגודה האבען זיך אויסגעשלאסען און געמאכט איין אנדערע נייע אגודה און דערגלייכען. דאך איז צו בעמערקען, אז היינטיגס יאהר האבען זיך אזוינע זאכען געטראפען ווייניגער ווי אין די פריהעריגע יאהרען, דאס איז א סימן, אז די ציוניסטישע ארגאניזאציע ווערד וואס א מאל שטארקער און געזונטער.

די דיסציפּלינע אין די אגודות איז אויך געווארען אין דעם יאהר שטארקער. די ראיאנער מורשים קאנען זיך היינט ווייניגער בעקלאגען אויף די אגודות פאר ניט שרייבען אדער ניט ענטפערען אויף אנפראגען, — דאס ווייזט אויך, אז דאס בעוואוסטזיין איז ביי די אגודות שטארקער און קלארער געווארען.

די צאהל פון די שקלים קאנען מיר ניט פונקטליך איבערגעבען, ווייל א סך אגודות האבען נאך ניט אריין געשיקט זייערע ליסטען; נאר פון דעם געלד, וואס ס'איז שוין אנגעקומען אין פינאנסעווע צענטער, זעהט מען, אז עס בעטרעפט כמעט $2\frac{1}{2}$ מאל אזוי פיעל ווי פאר א יאהרען, אמת אין דעם געלד איז דא א גרויסע סומע אבגעשיקטע געלדער פאר פריהעריגע יאהרען, נאר אפילו נאכדעם ווי מען וועט די דאזיגע סומע אברעכענען, וועט נאך אלץ זיך ארויסשטעלען א גרויסע צוזואקס פון שקלים אין היינטיגען יאהר. די ציפערען, וואס מיר האבען פאר דער האנט, זאגען, אז אויף דעם היינטיגען יאהר איז אבגעשיקט געווארען שקלים בערך 50 טויזענט רובל און פאר די פריהעריגע יאהרען — בערך 40 טויזענט רובל.

פאר'ן נאציאנאל־פאנד איז אין דעם לעצטען יאהר צונויפגעקליבען געווארען בערך 130 טויזענט רובל, פון דעם דורך מארקען בערך 60 טויזענט רובל, און דאס איבעריגע דורך אלערליי נדבות און

---

זיך פּאוואלינקע אראפּ פון די פערד די קאלדרעס (דא געהען אלע פערד צוגעדעקט מיט קאלדרעס, זיי זאלען זיך חלילה ניט צוקיהלען), זעצט זיך אנידער און דרעהט אוים צו אונז דעם קאפּ און לאזט ארויס אויף פונ'ם האלז, ניט פונ'ם מויל (אזוי רעדען זיי דא אלע), עפּיס א מינים ווערטער מיט א נגון וואס ס'איז שווער צו פארשטעהן.

— וואס וויל ער? — מאכט די מומע נחמה צו חיה עטלין.

— פרעג איהם וואס וויל ער? — מאכט חיה עטיל צו מיר.

— וואס איז, דייטש? וואס ווילסט דו? — מאך איך צו איהם מעהר מיט די הענט געווייהנטליך, און די מומע נחמה העלפט מיר אונטער.

— מכה איין אכסניא פרעגט איהר?

— האדיט שוין, מומעניו, זאגט צו איהר מיין חיה עטיל—דייטש—לאזט איהם! מיין מאן וועט איהם שוין זאגען אויף דייטש.

מיין חיה עטילס ווערטער געבען מיר צו אזוי פיעל קוראזש, אז איך הויב שוין אן צו רעדען אויף צוויי לשונות מיט אמאל: אויף דייטש און אויף פראנצויז:

— גראנד האטעל בעסטע קוואליטעט פראנטע מאאשיקא! און בשעת מעשה טהו איך איהם א קנאק מיט'ן צונג; פארשטעהט ער מיך דער דייטש, און רופט זיך אן צו מיר:

— יא וואהל! יא וואהל!

און עס געדויערט ניט לאנג פיהרט ער אונז צו זעהר א גרויסארטיג הויז מיט שפּינעלדיגע פענסטער און עס לויפען ארויס אקעגען אונז נייע מלאכי חבלה מיט שווארצע פרעק און מע האפּט אונז אונטער די הענט און מע פיהרט אונז גלייך ארויף, און עס קומט אונז אקעגען איינער מיט צוויי באקען־בערד, איך וואלט געמענט שווערען א גראף, א מאגנאט, צום סוף איז דאס א שווייצאר. האפּט אראפּ דאס היטעל און טראנט אונז אקעגען זעהר א שענעם גוט מארגען.

— פיעל צימער ווינשען זיע? — מאכט ער צו די דאמען.

— וואס ווינשט ער — זאגט די מומע נחמה און מיר ביידע לאכען.

— ער פרעגט וויפיל נומערען — זאג איך.

— זאג איהם אויף דייטש אז צוויי — מאכט צו מיר חיה עטיל און איך בעוויז איהם אויף דייטש צוויי פינגער און לעג איהם צו אויף פראנצויז.

— פראנטע מאאשיקא באנזשור!

— יא וואהל! — מאכט ער צו מיר — אם ערשטען שטאק! — און פיהרט אונז אריין אין גרויסארטיקע חדרים.

— ווי טייער איז ביי אייך, זאגט די מומע נחמה, א מעת לעת? שטעהט ער דער דייטש און קוקט אויף איהר ווי א זינדינער מענש; ער הויבט ניט אן צו פארשטעהן, וואס מע רעדט צו איהם, און מאכט צו מיר מיט א שמייכעלע זיס ווי צוקער:

דורך דעם גאלדענעם כוח. דערפון דארף מען אפלערנען, אז די מארקען זענען גאר ניט דער איינציגער וועג אויפצוקלויבען געלד פאר'ן נאציאנאל-פאנד און מע וואלט געדארפט ארום קלערען אלערליי וועגען און מיטלען ווי אזוי נאך מע קאן זאמלען פאר דעם היילינגען צוועק.

וועגען דער באנק האט מען אין דעם יאהר ווייניג געארבעט. פשוט דערפאר, ווייל די ארימע קלאסען האבען זיך שוין אויסגעשעפט און די רייכערע זענען ביז היינטיגען טאג געבליבען ניט גערירט פון די יודישע צרות מיט זייערע שטיינערנע הערצער און ווילען ניט געבען א קאפיקע.

פון דעסטוועגען זאגען אונז די ידיעות פון בלויז 6 ראיאנען, אז זיי האבען פארקויפט 1600 נייע אקציעס און איינקאסירט פאר אלטע אקציעס איין ערך פון 6000 רובל.

דער עיקר השתדלות אבער פון די אגודות איז געווען אין דער ארבייט, וועלכע מע רופט קולטורנע. ד"ה גרינדען חדרים און ביבליאטעקען, פארלעזונגען און אגיטאציאנס-פארזאמלונגען. דער רעפערענט לייענט פאר א גאנצען צעטעל, זעהר אינטערעסאנטעס, פון די אלערליי גרינדונגען, וואס ציוניסטען האבען אין פארשידענע שטעדט געגרינדעט. נאר איך האב ניט געקאנט אזוי גיך נאכשרייבען די פיעלע און פארשידענע ציפערען, און די הבטחה, וואס דאס פרעזידיום האט אונז מבטיח געווען, דאס מאטעריאל צו פובליצירען, האט עס נאך ניט מקיים געווען.

אין דער אגיטאציע איז אויך זעהר פיעל אין דעם יאהר געטאן געווארען. אויסער די צירקולארען פון די מורשים, זענען פארשיקט געווארען א מענגע פון צעהנער טויזענטער בראשורען אויף פארשידענע ציוניסטישע ענינים.

דער ציוניזם ציהט זיך אינאיינעם מיט דער רוסישער פאליטיקע קיין מזרח. אין מאנדזשוריע זענען שוין אויך דא ציוניסטישע גרופען און פון פערסיע האבען א גרופע אנוסים, (ד"ה יודען וואס די פערסער האבען זיי געצוואונגען אנצונעמען דעם מאחמעדאנישען גלויבען, און וואס מוזען זיך נעבעך מיט זייער יודישקייט בעהאלטען אין די קעלער'ס) אונז אריין געשיקט 50 שקלים און פאר 450 אקציעס. געוועהנליך מוזען מיר די נעמען פון די אומגליקליכע יודען האלטען בסוד, ווייל דאס קאן זיי חלילה קאסטען דאס לעבען.

אויסערדעם האבען די ציוניסטען אין דעם יאהר, ווי אין אלע פריהערינע יאהרען, און אביסל אפשר נאך מעהר, געארבעט פאר'ן אדעסער קאמיטעט, פאר דער חברה „גאולה", וואס איז געגרינדעט געווארען אין אדעס אויף אויסצוקויפען די ערד פון גויעשע הענט און פאר'ן כרמל-ווייז.

ניט צו רעכענען די אלע שטאדט-ארבייט פון צרכי-צבור, וואס די ציוניסטען בעטייליגען זיך אין איהר תמיד זעהר לעבעדיג, האבען זיי היינטיגעס יאהר געהאט איין עקסטרא שווערע ארבייט:

די מעשה פון קישינוב האט דאך אויפגעוועקט דאס גאנצע יודישע פאלק. נאר מעהר פון אלע האבען געארבעט דערביי די ציוניסטען. 80 פראצענט פון אלע געלד-בריף, וואס זענען אנגעקומען קיין קישינוב, האבען אויף זיך געהאט מארקעס פונ'ם נאציאנאל-פאנד, וועלכעס ווייזט, אז דאס געלד איז געזאמעלט געווארען דורך ציוניסטען.

אט דאס גאנצע בילד פון „לעבעדיגען" לעבען און ריהריגקייט, וואס דער ראפארט שטעלט אונז פאר פון דער ציוניסטישער ארבייט אינ'ם פארגאנגענעם יאהר, איז נאר צו פארדאנקען דער אגיטאציע, וואס איז געפיהרט געווארען דאס יאהר און וואס איז אפשר ארויסגערופען געווארען דורך דער מינסקער אספה. נאר אט דא צום לעצט האבען געטראפען סבות. וואס האבען ווי אבגעהאקט די ארבייט פונקט ווען זי האט זיך שטארק צעוואקסען. לאמיר אבער האפען, אז די נעכטיגע רעזולוציע אונזערע וועט ניט נאר זיין א שענע מליצה, נאר איין ערנסטע החלטה, וועלכע מיר וועלען פונקטליך אויספאלגען און אונזערע ארבייט וועט ווידער א מאל אויפבליהען! (דאס בראוואקלאטשען דויערט לאנג).

— פילייכט וואלען וויר ליבער דייטש שפרעכען?

— זאג איהם אויף דייטש — רופט זיך אן צו מיר חיה עטיל, און איך מאך צו איהם מיט די הענט ווי איינער רעדט: מה יקר? פארשטעהט ער מיך ניט און פינטעלט מיט די אויגען... איין אומגליק מיט זייער שפראך! ביי אונז רעדט מען אויך דייטש, נאר ס'איז גאר ניט דאס דייטש וואס ביי זיי. איך באגעגען מיך אמאל ביי אונז אין יעהופעץ מיט דייטשען, איך מאך מיט זיי געשעפטען. איך רעד מיט זיי האלב יודיש האלב דייטש, מיר פארשטעהען איינם דאס אנדערע, דא זאל גאט שומר ומציל זיין! אלע צייהן קאן מען זיך אויסברעכען!

דאס איז אבער נאר די ערשטע צייט, וואס ווייטער ווערען מיר אלץ מעהר געוואהנט מיט דער שפראך און מיר הויבען אן פארשטעהן איינם דאס אנדערע מיט'ן קוק. אויפ'ן אנדערען טאג איז שוין מיין חיה עטיל אליין געגאנגען מיט דער מומע נחמה אין די קלייטען און זיי האבען שוין איינגעהאנדעלט סחורה און מע האט זיי שוין אפגענארט ווי די אמתע בראדער סוחרים.

געפעלט דיר, חיה עטיל, די שטאדט וויען? — זאג איך צו מיין ווייב, נאכדעם אז מיר האבען זיך שוין איינגעוואשען און איבערגעטאן פונ'ם וועג און אפגעטרונקען טיי און אנגעקוקט די שטאדט וויען.

— אנצינדען לאז זי זיך דיר אויפ'ן פייער! זאגט חיה עטיל, — אין אזא גרויסע שטאדט זאל ניט זיין וואו צו עסען!

וואס זשע איז די מעשה? מיר זענען געגאנגען זוכען א יודישען רעסטאראן. האבען מיר זיך ארומגעדרעהט איבער דער שטאדט א שעה זעקס און נישט געקאנט געפינען, ווייל וועמען מיר האבען געפרעגט, איז אדער מע האט אונז ניט פארשטאנען, אדער מיר האבען יענעם ניט פארשטאנען. אט ווייזט ער אן דאכט זיך זעהר גוט: רעכטס! לינקס! פארוועדטס!... און קומט צו עפים לאזט זיך אויס, אז עס הויבט זיך גאר ניט אן... האבען מיר דעם ערשטען טאג טאקי געגעבען מכות, געלעבט מיט קאווע און מיט לייזע אייער און מיט וויענער פוטערגעבעקסלעך, וואס צעגעהען זיך אין מויל ווי שניי אויף דער זון.

ערשט אויפ'ן צווייטען טאג האבען מיר דערטאפט א יודישען רעסטאראן מיט'ן נאמען „כשר" און נאך וואס פאר א מין כשר! כשר צו כשר איז ניט גלייך! דער רעסטאראטאר חאטש ער „שפרעכט אויף דייטש", נאר ער געהט מיט א יארמעלקע אויפ'ן קאפ, און צום עסען וואשט מען זיך, און די געסט געהען צו איינס צום אנדערען און מע גיט זיך א שלום און מע פרעגט זיך אויס, פון וואנען פאהרט א יוד? און וואוהין? און וואס? און ווען? און אויב א געשעפט, איז צוליב וואס פאר א געשעפט? און אויב צום דאקטאר, איז צו וואסער דאקטאר? — מיט איינעם ווארט גאנץ יודישליך, פונקט ווי אין ווארשא.

## די דריטע זיצונג דאנערשטאג נאכמיטאג.

סע ווערען געעפענט די דעבאטען וועגען דעם ראפארט פון די מורשים. טענות און מענות ווערען אויסגעשפּראכען פון פערשידענע דעלעגאטען. מיר וועלען דא ניט איבערגעבען די ווערטער פון אלע דעלעגאטען, דאס איז פאר'ן פשוט'ן לעזער ניט אזוי וויכטיג. מעהר אינטערעסאנט איז צו דערציילען די הויפּט-פונקטען, אין וועלכע די דעלעגירטע, האבען אויסגעדרוקט זייער אומצופרידענהייט מיט דער טעטיגקייט פון די מורשים.

ערשטענס האט מען די מורשים בעשולדיגט, אז זיי האבען זיך צופיעל פארלאזט אויף די ידיעות, וואס די אגודות טיילען זיי מיט, און אויף דעם סמך געמאכט א חשבון, אז אין די אגודות ווערד געארבעט אין אלע ענינים פון'ם ציוניזם: אין אמת'ן אבער, ווען מען זאל זיך גוט צוקוקען אין די אגודות, איז די ארבייט דארט גאר ניט אזוי שטארק. די אגודות פארנעמען זיך פיעל מעהר מיט ענגע פעראיינס-אינטערעסען.

דאן האט מען געוויזען אויף דעם, אז די מורשים טרעטען אפּטמאל אפּ פון דער ציוניסטישער פּראגראמע, און זענען זיך משתדל פאר קליינע קאלאניזאציע.

די פראקציע האט זיך געקלאגט, אז א טייל פון די מורשים האבען זיך צו פּארטייאיש פארהאלטען צו די מזרחיים און אין איי-ניגע בריף זיך אויסגעדרוקט, אז די פרייע יונגע לייט פארדארבען דעם ציוניזם. די יונגע לייט, מיינען, אז א ציוניסטישער מורשה דארף גע-דענקען, אז אין ציוניזם שטעהען אלערליי פּארטייען גלייך בערעכטיגט און קיין איינציגער פון זיי דארף ניט בעליידיגט ווערען.

ווייטער בעשולדיגט מען דאס אקציאנס-קאמיטע, פאר וואס סע האט געגעבען דעם „מזרחי" 1200 רובל ניט האבענדיג דרויף קיין רעכט; פאר וואס זיי האבען ניט געזארגט, אז מיר זאלען האבען א ציוניסטישע אייגענע צייטונג אין רוסישען. וועלכע זאל אונזערע אידעען שיצען א קעגען אנפעלע פון די געגנער.

אנדערע ווידער טענה'ן, אז מיר האבען ווייניג אגיטירט אין דעם פאלק. בעזונדער זענען וועגען דעם אומצופרידען די פארטרעטער פון די „פועלי-ציון". זיי מיינען, אז אויב מיר וועלען אונזערע בעוועגונג אויסהיילען פון דעם בעל-הבתי'שען פנים, וואס זי האט דא נישט לאנג בעקומען, אויב מיר ווילען, אז אונזער בעוועגונג זאל זיין און בלייבען א לעבעדיגע און געזונטע פאלקס-בעוועגונג, מוזען מיר זיך קודם כל שטיצען אויף די ברייטע פאלקסמאסען און דער עיקר אויף די ארבייטער. וועלכע טראגען תמיד אויף זייערע פלייצעס די מענשליכע בעוועגונגען און וועלכע זענען דער איינציגער קלאס, וואס דער ציוניזם איז פאר זיי בעשאפען. נאר דער קלאס איז פעהיג זיך פאר דער אידעע מקריב צו זיין, און אין זיינע הענט קאנען מיר דעם ציוניזם אנפערטרויען.

אט דאס זענען בערך די טענות ומענות, וואס מע האט ארויס געזאגט וועגען דער רעכענשאפט פון'ם רוסישען אקציאנס-קאמיטעט. נאטירליך האט יעדער רעדנער זיך בעמיהט זיינע רעדען אנצוקליידען אין א מלבוש פון שענע מליצות און שלאגווערטער, וועלכע זאלען דעם עולם געווינען אויף זייער זייט. נאר איך רעכען, אז פאר אונזערע לעזער איז אינטערעסאנט ניט די פ א ר ם, אין וועלכער עס איז גע-זאגט געווארען, נאר דער תוכן, ו א ס עס איז געזאגט געווארען ר ע ד ע ס וועלען מיר האבען נאך גענוג פון'ם קאנגרעס אליין.

## די פיערטע זיצונג פרייטאג אין דער פריה.

אין דער פיערטער זיצונג ווערען ווייטער געפיהרט די וכוחים וועגען דער רעכענשאפט. נאר דערביי איז דער עיקר געקומען צו שפּראכע דער חלוק צווישען די קולטורנע און פּאליטישע ציוניסטען. איך וועל פון אלע רעדעס זיך אבשטעלען נאר אויף צוויי: דאקטאר א ו ו י נ א ו ו י צ ק י ס, אלס פּאליטישער ציוניסט און דאקטאר ו ו י י צ-מ א נ'ס, אלס קולטורנע פראקציאנער.

דאקטאר אווינאוויצקי הויבט אן:

איך בין געקומען אהער הערען א טראגעדיע פון אונזער לעבען, צום סוף האט אונז דער חשבון פון די מורשים פארגעשטעלט א קאמע-דיע (אונצופרידענהייט). דער חשבון איז א הוילער קונצשטיק, אזוי קינסטליך צונויפגעשטעלט, אז די הערער זאלען דערפון אבלערנען די גרויסקייט און שיינקייט פון דער קולטור-ארבייט.

די קולטור-ארבייט, זאגט דער חשבון, איז פאר'ן ציוניזם אזוי נייטיג ווי וואסער פאר א דורשטיגען. זעהר שען! אבער פארוואס דער-ציילט אונז דער בעריכט גארניט וועגען דעם ווי סע פעהלט אונז לאנד? איהר וועט דאך מודה זיין: אז אויב קולטור איז וואסער, איז לאנד די לופט, אהן וועלכער מען קאן ניט אטמען, פארוואס זשע ווייסט דער בעריכט ניט צו דערציילען פון דעם גרויסען אומגליק, וואס הערשט אינ'ם יודישען געטא, פון דער שרעקליכער עמיגראציאן-בעוועגונג, וואס ער איז אין דער לעצטער צייט אויסגעבראכען אין אלע ווינקעלעך פון דער יודישער וועלט? פאר וואס ווארפט דער בעריכט ניט קיין איינציגען שיין אויף די דאזיגע ברענענדיגע פראגע, וועלכע דארף דאך זיין דער עיקר פון אונזער גאנצער ארבייט?

איבערגעהענדיג צו די פראקציאנס-פארהעלטניסע, זאגט הער אווינאוויצקי, אז די פראקציע האט אייגענטליך קיין רעכט ניט צו קומען אהער אלץ א בעזונדערע פארטיי. נאכדעם ווי זיי האבען אינ'ם גאנצען יאהר ניט געארבעט! דער רעדנער איז אויסגעווען אין א סך שטעדט און האט אין ערגעץ ניט בעגעגענט עמיצען פון דער פראקציע.

ד"ר ווייצמאן ענטפערט איהם אבער דרויף, אז ער האט א גרויסען טעות. בעגעגנען האט מען שוין עמיצען געקאנט. נאר דאך איז ד"ר ווייצ-אן מודה, אז די פראקציע האט ווייניג געארבעט. ווער איז אבער שולדיג דרינען? פרעגט ווייצמאן מיט הארץ. א ודאי איהר, שונאים פון דער פראקציע, וואס איהר האט וועגען אונז אזוינס דער-ציילט, אז עס איז אונז געווארען אונמעגליך איין ערנסטע ארבייט צו ארבייטען. איך ווייס ניט צי איהר האט עס מיט כונה געטאן. איך רעכען גיכער, אז איהר האט ניט געוואוסט אליין וואס פון אייערע מעשים קאן ארויסקומען. נאר אויב איהר האט יא געוואוסט, האט איהר אויף זיך גענומען א חטא, וועלכען איהר וועט ניט אזוי גיך קא-נען אבוואשען.

## די פינפטע זיצונג פרייטאג נאך מיטאג.

— די מורשים ענטפערען אויף דער קריטיקע פון די דעלעגיר-טע. צוערשט רעדט ט ע מ ק י ן, דער מחבר פון'ם ראפארט. ער איז ענטשידען ניט מוסכם מיט די וואס זאגען, אז די ארבייט פון די ציור

ניסטען איז קליין. די ציוניסטען זענען דער ריהריגסטער און לעבעדיגס-טער טייל פון דעם יודישען פאלק.

ווען הער אוסישקין איז געבליבען אין ארץ-ישראל איז עס דערפאר ווייל זיין ארבייט איז דארט זעהר וויכטיג. הער אוסישקין, וואס האט געקאנט אוועקווארפען 2 קינדער אויפ'ן טויטען בעט און פאהרען אויפ'ן קאנגרעס, פארשטעהט שוין די וויכטיגקייט פון א קאנגרעס.

וועגען „גאולה" האבען א טייל פון די מורשים געארבעט, ווייל זיי געפינען פאר נייטיג, אז מע זאל די ערד אין ארץ-ישראל אויס-קויפען. אפילו ווען זי וועט אריינפאלען צו פריוואט-מענשען אין די הענט איז נאך אלץ גלייכער איידער זי זאל אריין צו פרעמדע אומות אין די הענט. זאלען מיר דען ווארטען פארלעגט די הענט ביז דייטשען און פראנצויזען וועלען די ערד האבען אויסגעקויפט?

וועגען א צייטונג האבען די מורשים פיעל געקלערט און וועגען דעם געטאן. פאר וואס זיי האבען ניט דעם געדאנק אויסגעפיהרט קאן מען פאר אונז גרויסע פובליקא ניט זאגען, נאר ער איז גרייט צו געבען דרויף איין ענפער א קליינער קאמיסיע, וואס די דעלעגאטען וועלען אויסקלויבען.

ד"ר קאהן-בערנשטיין ערקלערט די וויכטיגקייט פון דער קולטור-ארבייט, אז זי טראגט אריין לעבען אין די ציוניסטישע אגודות. עו איז ענטשידען א קעגען די וואס מיינען, אז שקלים קלויבען, אקציעס פארקויפען איז ניט קיין וויכטיגע זאך, אבער אויך א קעגען די וואס האלטען דאס אליין פאר גענוג. דאס הייסט זיך פארשליסען אין א לאך, וואו דער ציוניזם קאן דערשטיקט ווערען.

איבערגעהענדיג צו די ציוניסטישע פארטייען געפינט ער אז א פארטיי-מאן טאר זיך ניט בעגרענצען נאר מיט זיינע אידעען, ער דארף אויך יענעמס אידעען שטודירען. ער למשל האט גוט דורכ-שטודירט די למודים פון אונזערע מתנגדים און ווען ער איז אקעגען זיי, איז עס ניט ווייל ער וויל עמיצען געפעלען, נאר ווייל ער איז איבערצייגט אין דער פאלשקייט פון זייערע דעות. ער קאן זיך דעריבער רוהיג בארען מיט דער ארטאדאקסיע וואו זי איז, צי ביי אונזערע מזרחים, צי ביי זייערע בונדיסטען.

דער סאפאצקינער רב ראבינאוויץ פארענפערט זיך, אז ער האט קיינמאל ניט אויסגענוצט זיינע בריף לטובה פון איין פארטיי. ווען זיינע בריף זענען אינ'ם גייסט פון דער פרומער פארטיי, איז עס פשוט, ווייל ער קאן אנדערש גישט שרייבען, נאר ווי ער פיהלט און דענקט.

ד"ר יאקאבזאן שטעהט אויף אקעגען די דעלעגאטען, וואס טענה'ען אינ'ם נאמען פון דעם פאליטישען ציוניזם, גלייך זיי וואלטען נאר אליין געווען פאליטישע ציוניסטען.

דער רעדנער מיינט, אז אויך די קולטור-ציוניסטען זענען פאליטישע, ווייל זיי שטעהען אויף דעם באזעלער פראגראם, וועלכעס האלט אין זיך 4 פונקטען. דער איינער פון זיי רעדט פון קולטור-ארבייט.

ד"ר טשלענאוו האלט זעהר א שיינע רעדע, אין וועלכער ער ערקלערט, אז דער ציוניזם אין זיין ראיאן איז מעכטיג אויפגע-וואקסען. דערנאך געהט ער איבער צו דער ערקלערונג, אז מיר קענען זיך ניט האלטען נאר ביי די אויסענווייניגסטע פארמעלען, אז דער איז נאר א ציוניסט ווער סע צאהלט א שקל. א ציוניסט איז דער עיקר דער, וואס לעבט אין גאנצען אינ'ם ציוניזם און איז איבער-געבען דער יודישער שפראך און דער יודישער ליטעראטור, ווייל אין דער יודישער ליטעראטור איז דער מקור פונ'ם יודישען לעבען.

צום סוף ערקלערט ער, אז אסך פעהלערען פון דעם אקציאנס-קאמיטעט איז דערפאר, וואס זיי זיצען צעשפרייט אין פארשידענע ערטער פון דער וועלט, און מיט די פעהלערען וועלען מיר מוזען רעכענען אזוי לאנג ביז אונזער קאמיטעט וועט זיך געפינען אין איין ארט — אין דעם לאנד פון די אבות! (שטורם פון אפלאדיסמענטען)

ד"ר יעלסקי רעדט פון אמור מעט ועשה הרבה, דאס הייסט מע זאל בעסער ווייניגער רעדען, וועט במילא ארויסקומען מעהר אר-בייט. ער זאגט ווייטער, אז צום ציוניזם איז נאך ניט גענוג צו זיין העברייאיש געבילדעט. מע דארף זיין אויפגעצויגען א ביסל אין יודיש רעליגיעזען גייסט.

וועגען די אגודות אבער, פאר וואס זיי זענען ניט אזוי לעבעדיג עוסק, מיינט ער, אז דערין איז שולדיג די מחלוקת, וואס קומט אפט מאל ארויס אין די אגודות איבער פוסטען כבוד. מיר דארפען נאר זוכען מיטעל דאס שלאפקייט אויסצוהיילען.

מע האט איהם קריטיקירט, וואס ער האט אין זיין ראיאן ווייניג געטאן, נאר ראשית מיינט ער, אז קריטיקירען קאן מען נאר, ווען ס'איז יא עפיס געטאן, ניט פארקעהרט, דען פון וואנען ווייסט מען וואס ס'איז געווען צו טון?

ושנית האט איהר א ברירה, זאגט ער, מיך מעהר ניט אויסצו-קלויבען. איך וועל דעריבער ניט ברוגז ווערען; צום קומענדיגען קאנ-גרעס געפינט איהר מיך ווידער אויף דעם אייגענעם ארט!

די זיצונג איז לכבוד שבת געשלאסען פריהער ווי שטענדיג.

## די ועקסטע זיצונג שבת צונאכטס.

די זיצונג מוצאי שבת איז געווידמעט געווען הויפטזעכליך דער רעכנונג פונ'ם פינאנץ-ביורא.

פאר אלעם דרוקט דער פרעזידענט אויס דאס בעדויערען וועגען דעם אינצידענט, וואס האט זיך געטראפען שבת ביי טאג אין איינעם פון די האטעלס, נעמליך, האט הער ד"ר אלפרעד נאסיג צונויפגערופען איין אספה פון דעלעגאטען, צו קריטיקירען דעם ציוניזם. דער רעדנער אבער האט זיך ערלויבט פערזענליך אנצוגרייפען די פיהרער פון דער בעוועגונג, ד"ר הערצל און ד"ר נארדוי, דעריבער איז ארויס א שקאנ-דאל. פיעלע דעלעגאטען האבען פראטעסטירט און דעם רעדנער בשום אופן ניט געלאזען ווייטער רעדען.

הער זלאטאפאלסקי פון קיוב לייענט פאר דעם חשבון פון די געלדער. פון איהם זעהען מיר, אז אין רוסלאנד איז אין דעם יאהר צו זאמען געקליבען געווארען שקלים 42378 רובל, פאר די פריהעריגע יאהרען איז איינגעלויפען שקלים-געלד 19634 רובל. בסה"כ אלזא בערך 62 טויזענט רובל. פון דעם געלד האט מען אבגעשיקט קיין ווין 31 טויזענט רובל, דער פינאנץ-צענטר האט געקאסט 25000 רובל דער אינפארמאטיוונער ביורא — 439 רובל, ביי די מורשים אין די ראיאנען איז אוועקגעגאנגען אינאיינעם 13500 רובל, די נסיעות

פון די מודשים האט געקאסט בערך 1600 רובל און מותר איז דא אין קאסע איין ערך פון 13600 רובל.

נאך א קליינער דעבאטע וועגען דעם חשבון ווערד אויסגעקלויבען א קאמיסיע, צו רעווידירען די ביכער און ד"ר מאנדעלשטאם דריקט די פארזאמלונג אוים איהר דאנק דער פאר וואס די חשבונות זענען ביי איהם אין אזא גוטער ארדנונג.

---

ד"ר פאסמאניק האלט א רעדע וועגען דער פראגע פון קויפען ערד אין ארץ־ישראל. ער ווייזט אוים, אז דער נאציאנאלפאנד טאר לע"ע ניט קויפען קיין ערד, ווייל דער פאנד קאן אליין די ערד ניט בעזעצען, ווייל דאס איז דאך אקעגען דער פראגראמע פונ'ם פאליטישען ציוניזם, און לויט די טערקישע זאקאנעס, אז מע לאזט די ערד ניט בעארבייט דריי יאהר פארלירט מען אויף איהר דאס בעזיצער־רעכט.

סע מעלדען זיך צום ווארט א גאנצע מענגע רעדנער, וועלכע ווילען רעדען וועגען דיזער פראגע, נאר דער עולם איז זעהר מיד. ס'איז שוין נאך צוועלף און מארגען הויבט זיך אן דער קאנגרעס. מע שליסט דעריבער די זיצונג. בפרט, אז די אייגענע פראגע וועט מען נאך צייט האבען צו בעהאנדלען אויפ'ן קאנגרעס אליין.

---

## די ערעפנונג פונ'ם קאנגרעס.

דער קאנגרעס־זאל האט זיך שוין פון 8 א זייגער אנגעהויבען אנפולען מיט מענשען, די צושטרעמונג פון געסט איז זעהר גרויס, יעדער וויל בעקומען איין איינטריטסקארטע, גאר יעדען צו געבען איז אוממעגליך. מע וויל צאהלען א סך געלד. א קריסטליך פרייליין האט געגעבען 100 רובל אויף דעם נאציאנאל־פאנד, מע זאל איהר געבען די מעגליכקייט אריין געהן אין קאנגרעס.

זייגער 10 איז אויף דער טריבינע ערשיענען דאקטאר הערצל און דאס גאנצע אקציאנס קאמיטע, א שרעקליכער יובעל האט אויסגעבראכען. דאס פאלק האט בעגריסט זיין ליבלינג.

דאקטאר הערצל עפענט דעם זעקסטען קאנגרעס.

די ערעפנונגס־רעדע געבען מיר דא כמעט ווערטליך:

צום זעקסטען ציוניסטען־קאנגרעס פערזאמלען מיר זיך דא אין דער גוטער שטאדט באזעל, וועלכע האט שוין לאנג פארדיענט אונזער דאנק. מיר פערזאמלען זיך ווידער אין זארגען און האפנונג.

די לאגע פון די יודען אין דער גאנצער וועלט איז געוויס ניט בעסער ווי אין די פריהעריגע קאנגרעס־יאהרען. וואס מיר האבען אין די פריהעריגע יאהרען געזאגט וועגען דיזער לאגע, דאס קאן מען היינט אויך זאגען. אמת, סע האט זיך עפים אונטער דער צייט געענדערט,— אבער געראד ניט צום בעסערען. פיעל פון אונז האבען געמיינט: עס קאן שוין ערגער ניט ווערען, סע איז אבער ערגער געווארען ווי א חוואליע האט זיך די עלענד אנגערוקט אויף די יודען. אלע מעגליכקייט צו לעבען זענען אבגענומען געווארען. ווען דאס לייקענען אב די, וועלכע זיצען געשיצט אין די הויכע פענסטער — איז עס ניט קיין גוטער סימן פאר זיי אליין. מיט דעם אבער וואס מ'איז מודה, אז עס געהט די יודען שלעכט, איז נאך נישט פיעל געהאלפען, דאס פיהרט העכסטענס צו צדקה־געבען, וואס איז פיר זיך בוודאי זעהר רעכט, נאר דאס קאן אבער דאך נישט אנגענומען ווערען, ווייל די בעטרעפענדע מיינען, אז זיי האבען דאמיט שוין גענוג געטון. „נו, מילא. מ'צ טהוט וואס מע קאן!" דאס איז זעהר לייכט צו זאגען, עס איז אפשר דא מענשען, וואס האלטען זיך עם פאר א גוטס, ווען זיי געבען א נדבה, נאכדעם זיי האבען אין דער מארגענצייטונג איבער א שרעקליכער שחיטה אונטער יודען געליינט. נאר דאס איז אבער נישט גענוג. דאס געלד גיט נישט צוריק די הרוגים זייער לעבען, נישט די יתומים זייערע עלטערן. און ווי אזוי וויל מען מיט זאלכע מיטלען דעם פחד פון יענע היילען, וואס אזוינע אומגליקען שטעהען זיי אונטער די פלייצעס?

מיר ציוניסטען מאכען נישט גערן געברויך פון אזעלכע זאכען. עס איז געגען אונזער געפיהל, דאס אומגליק פון אנדערע אויסצונוצען דער אגיטאציע לטובה. מיר מוזען אבער דאך זאגען, מיט וועלכער וועהטאג מיר האבען די לעצטע שרעקליכקייטען פערנומען. ארימע מענשען זענען דארט צו גרונד געגאנגען. מיר ווילען זייער אנדענקען עהרליך האלטען, זייערע יתומים העלפען. און דאן פאר די לעבעדיגע זארגען.

דען די בלוטיגע טעג פי'ן דער בעוואוסטער שטאדט, זאלען אונז נישט מאכען פארגעסען, אז אומעדום ווי יודען ווערען געפייניגט אדער פערפאלגט, דערפאר ווייל זיי זענען יודען, די מוזען מיר רעטען.

עס איז די העכסטע צייט, ווער עס האט נאר אויגען, מוז זעהן, אז עס איז אצינד פיעל ערגער געווארען. מיר ציוניסטען האבען דאס שוין פון לאנג געזאגט, אז עס וועט אזוי זיין, און אצינד איז עס אויך געשעהן.

אין לעצטער צייט פלעגט מען אונטער יודען די אויסוואנדערונג צו האלטען פאר א רפואה בדוקה. דאס איז נאך אנגעגאנגען — ווען מיר ווילען אפילו אוועקקוקען פון די אלע זייטען־צרות, וואס דאס האט מיט זיך געבראכט — כל זמן די לענדער וואס מ'איז אהין געגאנגען, האבען נישט פארווערט.

אצינד הייבט זיך אבער אן א נייע צייט, יענע לענדער הייבען אן צו פארווערען, חאטשע, ניין, טאקי נאר דערפאר ווייל די יודישע נויט האט זיך אין מזרח פון אייראפא פארגרעסערט. און דאך זענען עס אזעלכע לענדער, וואו אן זייער הויכער בילדונג איז קיין שום ספק נישטא. זיי מאכען די איינוואנדערונג פון יודען צו א פאליטישער פראגע. נאר א טייל פון אונזערע אקטע, גלות'דיגע יודען קאנען דאס נישט זעהן.

אין ענגלאנד, וואס איז ביז היינט פריי געוועזען, האט מען א קאמיסיע איינגעזעצט, אום די איינוואנדערונג פון פרעמדע, דאס הייסט: יודען, צו אונטערזוכען. אזוי ענגלאנד אזוי אויך אמעריקא, וואס איז דורך פרעמדע גרויס געווארען. זיי שלאגען זיך נאך מיט דער דעה, צי יא, צי ניין. עס איז אבער ווייניג האפנונג פארהאנדען אויף יא.

די רעגירונגען, וואס האבען שייכות מיט דער יודישער אויסוואנדערונג, הייבען אן אונז ציוניסטען בעסער צו פארשטעהן. זיי פיהלען, אז נאר אונזער תירוץ וועט די יודישע פראגע פארענטפערען, און ער מוז אויך געלינגען. עס איז אמת טאקי נישט א לייכטע ארבייט, מען דארף דאבי פיעל געדולד און געטריישאפט. מיר לערנען

אבער דאבּיי געדולדיג און געטריי צו זיין. יעדע בּעוועגונג, וּבפרט בּיים אנהייב, איז אלערליי סכּנות אויסגעזעצט, עס פעהלט געדולד, מען זארגט זיך פאר מיטעל, מען האט מורא עס וועלען א טייל אוועקפאלען, נאר דאס איז אבער אויך לטובה. עס פארליערען זיך נאר א זעלכע, וואס זענען נישט קיין גרויסע אבידה. עס געהען אוועק א טייל פאר א שלעכטער עליה. א טייל ווייל זייער חשבּון איז זיי נישט גוט אויסגעקומען, און כּדומה אנדערע טעמים. די אבער וואס בּלייבּען, אויף זיי קאן מען בּויען. אזוי האבּען מיר גערעכענט, בּשעת מיר האבּען דעם יעצטיגען קאנגרעס איינגערופען: מיר האבּען גערעכענט, אז מיר וועלען נישט האבּען פארצולעגען נאר זעלכע ארבּייטען, וואס האבּען נישט מצליח געווען — דערוייל איז עס אבער אנדערש געווארען.

זייט דעם מיר זענען צוזאמען געוועזען צום פינפטען מאל, האבּ איך 2 מאל דעם כּבוד געהאט, פון זיינער מאיעסטעט דעם סולטאן קיין קאנסטאנטינאפּאל גערופען צו ווערען. בּיידע מאל זענען אבער די אונטערהאנדלונגען צו נישט געווארען. זעלבּסט-פארשטענדליך האבּ איך נישט געקאנט איינגעהן אויף דעם וואס פארטראגט זיך נישט מיט אונזער בּאזעלער פּראגראם, וּבפרט א צעשפּרייטע קאלאניזאציע איבּער דער גאנצער טערקי איז גאר נישט פאר אונזער פאלק. פון דעם אלעמען האבּ איך נאר געזעהן, אז דער סולטאן איז זעהר פריינדליך געזינט פאר דאס יודישע פאלק.

אציגד אז מיר האבּען געהאט פאר אונז די פריינדשאפט פונ'ם בּעל הבּית, האבּען מיר זיך געמוזט ווענדען צו יענע רעגירונגען, וואס אינטערעסירען זיך מיט דעם אריענט, אם מייסטען רוסלאנד. רעדן פון דייטשלאנד האבּען מיר נישט קיין מגיעות צו ערווארטען, אזוי ווי מיר האבּען דאס אויסדריקליך פון זיינער מאיעסטעט דעם דייטשער קייזער געהערט, בּשעת ער האט אונזערע ציוניסטישע אבּארדנונג אין ירושלים עמפּפאנגען אים יאהר 1898. דאס ווארט פון א מלכות זאל מען נישט פארדרעהען און איבּערקערען. אויך מצד ענגלאנד האבּען מיר נישט געהאט מורא צו האבּען פאר התנגדות, און דאס וואס איך וועל דא דערציילען, בּעשטעטיגט דאס.

ווי מיר האבּען געזעהן, אז קאנסטאנטינאפּאל איז לעת-עתּה גאר נישט, און די נויט וואקסט, האבּען מיר איין אנדערען וועג געזוכט. אים אקטאבּער פון פאריגען יאהר האבּ איך אנגעהויבּען אונטערהאנדלען מיט אייניגע פונ'ם ענגלישען קאבּינעט, מען זאל אונז געבּען א בּעוויליגונג אויף דער סיני-האלבּאינזעל אונזער פאלק צו בּעזעצען. די מיניסטער און אלע הויכע בּעאמטער וואס געהערען דאצו, האבּען מיך מיט גרעסטער גוטוויליגקייט אויפגענומען. מ'האט מיר געזאגט, אז דאס לאנד געהער צו עגיפּטען, און מ'האט מיר די בּעסטע רעקאמאנדאציעס געגעבּען צו לארד קראמער, דעם ענגלישען-פארטרעטער אין עגיפּטען, און אן די רעכטע פּנים קעדיוו. די ענגלישע רעגירונג האט אונז געראטען, צוערשט א קאמיסיע צו שיקען, וואס זאל דאס לאנד אונטערזוכען. און דערנאך איז אונזער פארטרעטער, הער גרינבּערג, געגאנגען קיין עגיפּטען אים אקטאבּער פון לעצטען יאהר, מיט רעקאמאנדאציעס פונ'ם ענגלישען מיניסטעריום צו דער עגיפּטישער רעגירונג.

לארד קראמער און די עגיפּטישען מיניסטער האבּען איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען, און האבּען איהם בּעוויליגט די קאמיסיאן. אין דער קאמיסיאן זענען געווען:

אינז. קעסלער, ארכיטעקט מארמארעק, אבּערסט גאלדסמיט, אינז. סטעפענס, פּראפעסאר לוירענט, ד"ר ס. סאסקין, דר. הלל יפה, און דער עגיפּטישער רעגירונגס-פארטרעטער מר. הומפריי.

די קאמיסיאן איז געקומען אין עגיפּטען ענדע יאנואר, און אין אנהייבּ פעבּרואר האט זי זיך געלאזט אויף די סיני האלבּ-אינזעל. דערוייל איז אונזער פערטרעטער מר. גרינבּערג ווידער קיין עגיפּטען געקומען און האט נאך לאנגע אונטערהאנדלונגען פון דער עגיפּטישען רעגירונג בּעקומען א כּתב, אין וועלכען זי ערקלערט זיך איינפערשטאנדען מיט דעם טשארטער, וואס מיר האבּען איהר פארגעשלאגען. דער טשארטער האט אויסדריקליך אויסגענומען א יודישע אייגענע ממשלה, נאר אויף דעם פאל, אז די קאמיסיע וועט ערקלערען, אז דאס לאנד איז געאייגענט צום קאלאניזירען.

די קאמיסיע איז צוריקגעקומען אנהייבּ מערץ און זי האט דער עגיפּטישע רעגירונג ערקלערט, אז דאס לאנד איז לא יצלח, אז עס איז אונמעגליך דאס פלאכלאנד פון פּעלוזיום מיט וואסער צו פארזארגען, און דארום איז די בּעזעצונג פון על-אריש און פון אנדערע טייל פון דער סיני-האלבּאינזעל נישט מעגליך. אז די מיטגלידער פון דער ענגלישער רעגירונג, די וואס איך בּין מיט זיי פריהער אין פארבּינדונג געשטאנען, האבּען דאס דערהערט, אז מיר זענען גענייטיגט פון דעם ענין צוריק צו טרעטען, האבּען זיי מיר תּיכּף וּמיד שטאט דעם איין אנדערען פארשלאג געמאכט, מיט דער בּעוויליגונג פון איין אנדער לאנד לטובת דער יודישען קאלאניזאציע.

דאס נייע לאנד האט צוואר נישט דעם היסטארישען, פּאעטיש-רעליגיעזען ציוניסטישען ווערט, אפילו נאך פון דער סיני-האלבּ-אינזעל, איך רעכען אבער, אז דער קאנגרעס, דער פערטרעטער פונ'ם יודישען המון, וועט דאס מיט דאנקבּארקייט בּעטראכטען. דער פארשלאג הייסט: איין אייגענע יודישע בּעזעצונג אין מזרח-אפריקא, מיט אייגענער יודישער פערוואלטונג, מיט אייגענער יודישער רעגירונג, און מיט א יודישען אבּערבּעאמטען (שטאטהאלטער), דאס אלעס אונטער שוץ פון דער ענגלישער מלוכה. ווי איך האבּ דאס געהערט, האבּ איך מיך געפונען גענייטיגט צו ערשט דעם קאנגרעס וועגען דעם פארשלאג צו פרעגען.

איך וויל נישט דעם קאנגרעס אונטערזאגען, ווי אזוי ער זאל זיך פארהאלטען צו דעם פארשלאג. נאר חאטש אבער דאס יודישע פאלק האט נישט קיין אנדער ציעל אלס ארץ ישראל, און בּיי דעם לאנד פון אונזערע אבות וועט עס אויך בּלייבּען, אויף וועלכען אופן אויך דער פארשלאג וועט אויספאלען, וועט דאך דער קאנגרעס ערקענען, ווי ווייט מיר זענען פארגעשריטען דאדורך, וואס מיר האבּען מיט דער ענגלישער רעגירונג אונטערהאנדעלט. די ענגלישע רעגירונג קאן אלע אונזערע בּעמיהונגען, און האט אונז פיעל צוגעזאגט. מיר קאנען דאפון נוצען ציעהען, חאטשע מיר וועלען אונזערע גרויסע עקרים נישט פאלען לאזען.

די איינצעלהייטען פונ'ם פארשלאג פאר דעם קאנגרעס פארצולעגען, איז נישט פּראקטיש. מיר דאכט זיך, עס איז גלייכער, א קליינע קאמיסיע צו וועהלען, וועלכע וועט זיך מיט דעם גאנצען עני־

בעפאסען. נאר ווי אזוי די קאמיסיע וועט בעשליעסען, איינס איז זיכער: אז מיר דארפען דער ענגלישער רעגיערונג דאנקבאר זיין פאר דער פריינדשאפט, וואס זי האט פאר דאס יודישע פאלק.

אמת. אפריקא איז נישט ציון, און עס וועט אויך קיינמאל נישט זיין.

עס איז נאר א קאלאניזאציאנס־הילף אבער געבויט אויף נאציאנאלען און אויף שטאטליכען גרונד. עס איז נאר א נויט־הילף, עס קאן אבער פיעל מעהר העלפען ווי אנדערע פילאנטראפישע מיטלען, און אונזער פאלק וועט נישט דורך בעשטענדיגע צעשטריי־אונג פארלארען געהן.

איך בין אין דער לעצטער צייט געוועזן געגייט וועגען די בעקאנטע טרעפעניששען קיין רוסלאנד צו פאהרען. איך האב געהאט געלעגענהייט מיט דער דארטיגען רעגירונג צו פארקעהרען, און איך קאן זאגען, אז מען פארשטעהט דארט וואס מיר ווילען. און אז מען וואלט עפיס געוואלט פון אונזערט וועגען טון. איך האב דארט גע־רעדט נישט נאר פאר ציוניסטען, נאר פאר אלע יודען אין רוסלאנד. איך האב מיך בעמיהט צו רעדען א גוט ווארט פאר די פארבעסערונג פון זייער טרויריגער לאגע, און מע האט מיר צוגעזאגט, אז מען וועט אין קורצען וועגען זאלכע ערלייכטערונגען קלערען.

פיעל מעהר האט מען מיר פאר דעם ציוניזם צוגעזאגט. די רוסישע רעגירונג וויל נישט קיין שום מניעה דעם ציוניזם אין וועג לעגען, ווי באלד ער וועט זיך אזוי ווי ביז אהער רוהיג און געזעצליך פארהאלטען. די רוסישע רעגירונג איז אויך בעריים, א יודישע אוים־וואנדערונג, פון אונז ציוניסטען געפיהרט, צו אונטערשטיצען, ווי באלד מיר וועלען די נייטיגע קאסטען דעקען.

צולעצט, און דאס איז דאס וויכטיגסטע, איז די רוסישע רעגירונג אויך בעריים, אונזערע בעמיהונגען צו אונטערשטיצען ביים סולטאן. כדי צו דערלאנגען ביי איהם ארץ ישראל.

דער קאנגרעס וועט בודאי פארשטעהן, ווי גרויס דער ווערט איז פון די הבטחות פון דער רוסישער רעגירונג. מיר האבען מיט איין מאל, נישט נאר א מניעה אבגעטאן, מיר האבען נאך א שטארקע מיטהילף בעקומען. אמת, מיר מוזען עס נאך אבווארטען, אבער יעדענפאלס איז אונזער מוט געשטארקט און אונזערע האפנונגען אויף ארץ ישראל זענען שטארק פארגרעסערט געווארען.

זעלבסט־פארשטענדליך וועלען זיך געפינען חברה, וועלכע וועלען נאר דאס ביטערע פון אונזערע הצלחות ארויסזוכען. זיי וועלען זאגען, אז דערפאר שטיצט מען אונז, ווייל מען וויל אונזערע פטור ווערען. זעהר וואהל! אויב עס איז דערינען איין אומרעכט געגען אונזער פאלק, אזוי וועלען מיר דערויף לעתיד א תשובה געבען: אין אונזער עתיד, אין אונזער לאנד! און דיזע תשובה וועט בע־שטעהן אין דעם העכערען פון די מענשליכע מדות.

נאכדעם ווי הערצל האט געענדיגט זיין רעדע, און מע האט אויסגעקליבען דאס פרעזידיום פונ'ם קאנגרעס. אין וועלכען ד"ר הערצל איז פרעזידענט, נארדוי, מאנדעלשטאם, מאנטעפיארי און באדענהיימער — וויצע־פרעזידענטען — האט מען די זיצונג אונטער־בראכען און זי ווידער געעפענט ערשט נאך מיטאג זייגער 3.

די צווייטע זיצונג.

ד"ר קאקעש לעזט פאר דעם רעכנונג פון דער צענטראלנע קאסע אין וויען. פונ'ם חשבון זעהט מען, אז שקלים בכלל איז אריין געפאלען אין דעם יאהר פון אלע לענדער בערך 240 טויזענט פראנק. דער חשבון ווייזט אן פאדראבנע, וואוהין די געלדער זענען פארטיילט געווארען. די אגיטאציע אין פארשידענע לענדער האט געקאסט בערך 108 טויזענט פראנק; פון זיי אויף רוסלאנד אליין איין ערך פון 80 טויזענט פראנק.

ארחיטעקט מארמארעק לייענט א רעפעראט וועגען דער ארבייט פון אקציאנס־קאמיטעט בכלל און וועגען דער לאגע פון ציוניזם אין דער גאנצער וועלט. דער חשבון שטעלט פעסט, אז די בעוועגונג איז אין דער גאנצער וועלט זעהר מעכטיג אויסגעוואקסען. אינ'ם לעצטען יאהר אליין זענען אין איינינע לענדער די שקלים פארטאפעלט געווארען, אין אנדערע לענדער זאגאר פארדרייפאכט.

עס עפענט זיך א ויכוח וועגען דעם רעפעראט אין פארבינדונג מיט דער רעדע פון ד"ר הערצל.

דוד טריטש שטעלט זיך קריטיקירען די טעטיגקייט פון אקציאנס־קאמיטע בנוגע צו דער קאלאניזאציאנס־פראגע. ער זאגט, אז דער אקציאנס־קאמיטע האט בעגאנגען א גרויסען פעהלער, וואס ער האט זיך אזוי גרינג אבגעזאגט פון על־עריש. דער רעדנער מיינט, אז ווען אפילו מע האט ניט געקענט אנהויבען קיין גרויסע קאלאני־זאציע אין עריש האט מען געדארפט זיך בעגנוגען מיט א קליינער התחלה, פון וועלכע עס וואלט מיט דער צייט ארויסגעקומען עפיס גרויסעס, ווייל עריש ליגט אויף דער גרענעץ פון ארץ ישראל. יעדענ־פאלס ג' פינט ער א קליינע ארבייט אין עריש און אין די אנדערע שכנ'ישע לענדער פון פאלעסטינא אלס מעהר וויכטיג ווי דער אפריקאנישער פלאן, וואס דער קאמיטע שלאגט אצינד פאר.

אין זיינע אויספיהרונגען בעריהרט דער רעדנער פערזענליך ד"ר הערצל, פון זיין ארט האלטען זיך אקעגען הערצל'ען זעהט מען, אז ער רעדט מיט פערזענליכער שנאה און דעריבער ווערד א שטארקע אויפרעגונג אין זאל. פון אלע זייטען שרייט מען: שלום! שלום! ניכט רעדען!

ד"ר הערצל איז אויך שטארק אויפגערעגט אקעגען טריטש'ן און אין זיין ענטפער בעריהרט ער איהם ניט ווייניגער שארף. ער ווייזט אויס מיט א פראטאקאל אין די הענט ווי לייכטזיניג ה' טריטש איז אין זיינע קאלאניזאציאנס פלענער. ווי ווייניג ער איז באמת בעקאנט מיט די פראגען. אויף וועלכע ער מיינט צו זיין דער גרעסטער בר־סמכא, און זאגט איהם דעריבער אפ דאס רעכט צו רעדען אין דער זאך, נאכדעם ווי דאס אקציאנס־קאמיטעט האט איין אויספיהרליכען בע־ריכט פון א ספעציאליסטען קאמיסיע.

אין דעם ווייטעריגען ווארט־וועקסעל צווישען טריטש און הערצל בעקומט דער ויכוח אזא פערזענליכען חאראקטער, אז איבער־געבען איהם איז ניט כדאי, ווייל די צוהערער האבען זיך אויך זעהר שלעכט געפיהלט דערביי. פון אלע זייטען האט מען אויסגעשריגען: גענוג! מיר ווילען ניט מעהר הערען! טריטש האט אבער בשום אופן ניט געוואלט אראב פון טריבינע ביז ער האט אלעס אבגעזאגט. און הערצל האט א פנים אויך געוואלט דורכאוים מאכען איין ענדע מיט

די אנפעלע פון טריטש און זיינע חברים, און האט דעריבער אהן רחמנות געשמיסען מיט ראיות איבער די טעטיגקייט פון טריטש. ער האט דערצייהלט א גאנצע געשיכטע פון זיינע קאלאניזאציאנס אונטערנעמונגען, וועלכע האבען געווארפען א זעהר פינסטערען שאטען אויף דעם גאניע פון דעם נייעם יודישען קאלאניזאטאר, דעם „באראן הירש אהן געלד", ווי הערצל האט איהם אנגערופען. די פארזאמלונג איז אבער שוין שטארק צופרידען געווען, אז מע האט פארשלאסען די דעבאטע און די זיצונג פונ'ם קאנגרעס אבגעלעגט אויף מארגען.

די זיצונג איז געשלאסען געווארען זייגער 9 אויף דער נאכט.

## די דריטע זיצונג.

מאנטאג אין דערפריה האט זיך דער קאנגרעס ווידער געעפענט.

דער ערשטער רעדנער איז געווען ד"ר מאקס נארדוי — ס'איז גענוג געווען אנצורופען דעם בעליבטען נאמען, אז סע זאל אויסברעכען א יובעל פון אפלאדיסמענטען.

ד"ר נארדוי זאגט: דיזער קאנגרעס דארף ניט זיין בלויז איין אקאדעמיע פאר שענע רעדען. אצינד ווייניגער פון תמיד. דעריבער וויל איך בעסער רעדען פון די צוויי פאקטען, וואס דער פרעזידענט האט אונז נעכטען דערציילט. די צוויי פאקטען ווארפען א בעזונדערן שיין אויף דעם וואס מיר האבען אבגעטאן. די בריטישע רעגירונג וויל אונז געבען א קאנצעסיע אויף א שטיק לאנד. און נאכדעם ווי רוסלאנד האט זיך שוין אויך אויסגעשפראכען, אז זי וויל אונזער זאך אונטערשטיצען, האבען מיר שוין פיער גרויסמעכטע, וועלכע זענען גרייט אונזער זאך צו שטיצען: דייטשלאנד, ענגלאנד, רוסלאנד און אמעריקא.

דער רעדנער שטעלט זיך נאכדעם אב אויף דעם וועג וואס מיר זענען איבערגעגאנגען און ווייזט וואס פאר גרויסע אויספעהען מיר האבען דערלאנגט, אז מיר האבען די יודישע פראגע אריין געבראכט אין דער פאליטישער וועלט. אונזערע פריהערינע פארשטעהער, וואס האבען נאר אין זינען געהאט צו קריגען פארשידענע טיטולען, באראנען און סטאטסקי סאוועטניקעס האבען שטענדיג איינגערעדט די רעגירונג, אז מיר זענען זעהר צופרידען מיט דעם שוץ, וואס מיר געניסען ביי די רעגירונגען. מיר האבען אבער די ערשטע געמעלדעט, אז מיר זענען כלל ניט צופרידען, אז מיר פאדערען פאר אונז לעבענס-בעדינגונגען ניט ערגער ווי פאר יעדער אנדער פאלק. אזוי האט דער ציוניזם צוערשט געשאפען א יודישע פאלקס-פאליטיק.

אונזער פאליטיק דארף זיין: מיר פאדערען פאלעסטינא אונזער אלטעס לאנד פון די פעטער. מיר וועלען מיט דער טערקישער רעגירונג אין פארהאנדלונג קומען און די רעגירונגען דארפען זיין די עדות פון אונזערע אבמאכונגען.

ווען אבער די טערקיי וועט אונזערע ווינשען ניט וועלען ענטגעגען קומען, הויבען מיר אויף אין דער וועלט-פאליטיק אונזערע היסטארישע רעכטע אויף אונזער פאטערלאנד. די פעלקער וועלען אונז דארין מוזען העלפען. עס איז דירעקט פון זייער איינענער טובה וועגען.

אין דעם זין האבען מיר געפיהרט די אונטערהאנדלונגען מיט די רעגירונגען.

דערוויל אבער מוזען מיר שאפען א נאכט-שטעלע פאר די ברידער, וואס זענען שוין אויף דער עמיגראציע בעגריפען, מיר מוזען די דאזיגע ברידער אבהאלטען, זיי זאלען ניט פארשווינדען ווערען.

איך בין מקצר ווייל די רעדע נארדוי'ס וועלען מיר נאך געבען אין דער קינפטיגער נומער ווערטליך.

די רעדע ענדיגט זיך מיט די ווערטער: און אז מיר וועלען די דאזיגע פאליטיק טרייבען וועט אונז די גאנצע וועלט האלטען בכבוד. דען דער ציוניזם לעהרנט די וועלט צו קענען דאס האנדעלס-פאלק אלס האנדעלנדעס פאלק! (שטירמישע אפלאדיסמענט).

---

דאקטאר נאסיג האלט א גאנץ לאנגע רעדע מיט די זעלבע קריטישע אויספיהרונגען ווי טריטש וועגען דער עריש-פראגע. דער רעדנער איז אפילו שוין א סך איינגעהאלטענער ווי זיין חבר טריטש. מע לאזט איהם אפילו אויסרעדען, נאר אלעמאל ווען ער דריקט זיך אוים אביסל ניט בכבוד אקעגען די פיהרער, ווערד אין זאל א געטומעל און נאר מיט גרויסער מיה געלינגט עס דעם פרעזידענט, איהם געבען די מעגליכקייט צו רעדען.

נאך דער פערלעזונג פון איין אנטראג פון די דייטשע ציוניסטען, וועלכע — אזוי ווי די שווייצערישע און אמעריקאנישע און ענגלישע — לעגען פאר אויסצוקלויבען א קאמיסיע צו בעטראכטען די אפריקא פראגע, ווערד דער קאנגרעס ביז נאך מיטאג אונטערבראכען.

משה קליינמאן.

---

# א שעה פאר דעם עפענען פון קאנגרעס.

עס איז א ליכטיגער זוניגער מארגען, א בלויער הימעל לאכט איבער די שטאדט באזעל. שען צייכענען זיך אוים די שפיצען פון די קירכען אין דער דורכזיכטיגען לופט. א גייסט פון יום-טוב שוועבט איבער די גאנצע שטאדט. עס איז זונטאג, די קירכענגלאקען קלינגען פון אלע זייטען און אומעטום זעהט מען געפוצטע מענער און פרויען, וועלכע איילען אין די קירכען. און אויך איך אייל צו דער קאזינא. וואס נאהנטער איך קום צו דער קאזינא פיהל איך ווי א וואונדערבארע אויפרעגונג בעהערשט מיך און מיין הארץ קלאפט אלץ שטארקער און שטארקער.

אין א שעה ארום וועט געעפענט ווערען דער קאנגרעס!

אלע מיינע געפיהלען זענען אויפגעוועקט און דאס מינדסטע מאכט אויף מיר א בעזונדערע ווירקונג. עפים ליגט אין דער לופט אזוינס, וואס מע קאן עס ניט אויסרעדען, וואס מע קאן עס ניט אויסדריקען מיט ווערטער. עפים זענען די הייזער היינט גאנץ אנדערש ווי אלע טאג. עפים לאכען זיי אזוי מאדנע, אזוי וואונדערליך. און די גאסען! און דער טראמוויי! זיי זעהען אוים גאנץ אנדערש, פיעל ליכטינער, גלענצענדער, פרייהליכער.

דען עס איז אזוי ליכטיג, אזוי גלענצענד, אזוי פרייהליך מיר אין הארץ.

ניין! ניט דאס זענען די געפיהלען, וועלכע ציטערען אין מיין נשמה אין דער רגע. גאנץ אנדערע וואונדערבארע געפיהלען זענען

עס, וועלכע מע קאן ניט אויסמאלען מיט ווערטער, און א פשיטא מיט די ווערטער פון אונזער רויהען, פשוט'ען זשארגאן.

אין א שעה ארום וועט געעפענט דער קאנגרעס.

די וייס-בלויע-פאהנען, וועלכע פלאטערען אויף דער קאזינא הוידען זיך פרייהליך אין דער דורכזיכטיגען גאלדענען לופט. א סך מענשען, דאמען און הערען שטעהען פאר דער קאזינא שמועסענדיג אדער שפאציערענדיג. דאס פארהויז און די טרעפען זענען איבער-פולט מיט מענשען. די טרעפ ארויף און אראב זעהט מען לויפענדיג מענשען, וואס זייערע פנים'ער דריקען אויס, אז זיי זענען שטארק פארטאן. א ודאי זשורנאליסטען, וועלכע לויפען צום טעלעגראף אדער פארשטעהער פון פארשידענע פארטייען וועלכע בערייטען זיך צו צום קאנגרעס. אין דעם פארזאל פון דער קאזינא הערשט א גרויסע בעוועגונג. מע זעהט דא פיעל הערען געקליידעט יום-טוב'דיג און דאמען אין ווייסען. אויף אלעמען ליגט עפיס א מין בעזונדערער אויסדרוק. אלע זעהען אויס אזוי אויפגערעגט און עפיס דערוואר-טענדיג. — אין דעם זשורנאליסטענצימער איז א טומעל און א ליארעם, מע זיצט און מע שרייבט. די הענט לויפען געשווינד, די פעדערען סקריפען און דאס ווייסע פאפיער באדעקט זיך מיט ידיעות און קארעספאנדענציעס איבער דעם קאנגרעס, וועלכע וועט געעפענט ווערען אין א שעה ארום.

בן-מאיר.

## צווישען צייטונגען און זשורנאלען.

וואס טוט מען נישט אלעס צוליב קאנקורענציע! — אין לאדז, למשל, האב איך געקענט צוויי פאבריקאנטען, קאנקורענטען, שונאים אויפ'ן לעבען, וואס איינער דעם אנדערען האט אבגעטאן רק שטיקלעך, קלוגע שטיקלעך, און אלעס נאר להכעיס איינער דעם אנדערען: איז איינער געפאהרען קיין יארמעלינעץ אויפ'ן יריד, איז דער צווייטער געפאהרען קיין ניזשני; האט איינער געהאט א סבה, א פראסטע סבה זאג איך אייך, און דער מאגאזין פון דער סחורה איז ביי איהם פארברענט געווארען ביי נאכט, איז ביי דעם צווייטען געוועזען די שרפה ביי טאג; האט איינער באנקראטירט זומערצייט, האט דער צווייטער געמאכט דעם באנקראט ווינטערצייט: האט איינער געבאטען די בעלי-חובות 75 קאפיקעס פאר דעם רובל, האט דער צווייטער געגעבען נישט מעהר ווי 25; איז איינער געשטארבען אין פרעמדע תכריכים, האט דער צווייטער געלאזען נאך זיך א נחלה פון אפשר רי"ש אלפים קערבלעך — אלעס נאר להכעיס דעם צווייטען. כדומה קען איך צוויי העברייאישע צייטונגען אין ווארשא, קאנקורענטקעס, וואס לעבען ווי די טייבעלעך און עסען זיך, דאכט זיך, פון די פיסקלעך, און נאר מאכט עס אויף מיר דעם איינדרוק, ווי ווען זיי וואלטען זיך טאג און נאכט אבטון רק שטיקלעך, אזוי אז איך האב מורא, אויב איינע זאל נישט מאכען חלילה שלעכטע געשעפטען נאר צוליב דעם און להכעיס וואס די צווייטע מאכט גוטע געשעפטען. א קשיא אויף קאנקורענציע! זאגט די איינע הודו פאר ברוך שאמר, זאגט די צווייטע אומגעקעהרט: ברענגט די איינע פריהער א מאמר און דערנאך טעלעגראמעס, ברענגט דאס די צווייטע אומגעקעהרט; שרייבט די איינע, אז קארן קאסט 73 קאפיקעס און ווייצען 98, שרייבט די צווייטע אומגעקעהרט; שפיעלט זיך די איינע מיט מחאות-שרייבען, איז זיי די צווייטע מבטל; שרייבט די איינע א גאנצען עמוד רעקלאמע איבער איהרע הכנות צום קאנגרעס, מאכט די צווייטע א שוויג — און דא גיה, האב עסקים מיט זיי.

די "הצפירה", למשל, האט זיך איהר געשווארענעם האף-פאעט, ליובאשיצקי הייסט ער, דער דאזיגער פאעט, קענטליך אפילו א בייזער יוד, נאר א גאנץ וואלער מענש, א דימענט; דהיינו, ער זינגט און שרייבט איבער אלדינג: איבער א נפל'ע פון פיער און א האלבען חודש, פון וועלכען ער ווייסט בעשטימט, אז עס וואלט זיין א מיידל, און להבדיל איבער א יופיטער; איבער דעם אמת, וואס איז איהם זעהר טייער, און להבדיל איבער זיך; איבער הערצלען, וועלכער איז געקומען קיין רוסלאנד, און להבדיל איבער זיך; איבער דעם בית-המקדש, וועלכער איז חרוב געווארען און פוקסען גהען אין איהם ארום, און להבדיל איבער זיך. יעדענפאלס, זאג איך אייך, א גאנץ וואלער מענש; מיר געפעלט ער שוין פון לאנג. קאן זיין, אפשר, נישט אזוי ווי זאגט מען דאס, נאר דאס, זעהט איהר, איז דוקא א מעלה, דען ווען נישט דאס. קאן געמאלט זיין, אז ער וואלט זיך ארומקוקען און וואלט גאר נישט שרייבען און מיר וואלטען גאר נישט האבען. אבער היינט, דאנקען גאט, שרייבט ער נאך. ער שרייבט א סך אין קורצע שורה'לעך און דעם רעשט אין פראזא, אין השתפכות הנפ"ש. דאס איז אזא מין, וואס מען מוז זיין א מבין דארויף. געוועהנליך איז מען נישט קיין מבין דארויף. אבער דאס שאדט נישט. ער טוט זיך דאס זיינע און שרייבט, ער שרייבט מיט כעס, אנגעבלאזען; שרייט אויפ'ן כאס, קענטליך מיט א ברייטען פתח, רעדט ווי א גענעראל-מאיאר אלעמאל אין דער בעפעהלס-פארם: דאס וויל איך, דאס וויל איך נישט, דאס ערלויב איך, דאס ערלויב איך נישט, און קלויבט זיך אלעמאל פעטע געשמאלצענע ווערטער, אלעס נאטירליך מיט געשמאק. אבער נישט דאס בין איך אויסען; מיינען מיין איך די מעשה מיט "הצפירה". די "הצפירה" האט דא פאר עטליכע וואכען זיך געלאזען שרייבען פון דעם דאזיגען האף-פאעט א שיר אויף תשעה-באב, כך וכך לאנג און כך וכך ברייט, און דער פאעט האט געשריבען דעם שיר ווי נאר דער פאעט קאן שרייבען: אויפ'ן כאס, מיט'ן כעס, מיט'ן ברייטען פתח, מיט בעפעהל, מיט די פעטע געשמאלצענע עברי: נישט וויינען! איך וויל נישט איהר זאלט וויינען! איך בעפעהל, איהר זאלט נישט וויינען! גאט מאכט דאס געשעפט פון אייך, די נאטור לאכט פון אייך, די בריאה (שעפפונג) מאכט חוזק. און איך, איך ליובאשיצקי פון ווארשא, וויל דאס נישט — איין עק א סוף! — וואס מאכט אבער די קאנקורענציע, דער "הצופה" מיין איך? — פארשטעהט מען, אז ווען די "הצפירה" איז פאר נישט וויינען, מוז דער "הצופה" זיין פאר יא וויינען. ווי אזוי דער "הצופה" האט דאס ביי צייטען ארויסגעקריגען דעם סוד פון דעם צד שכנגד, ווייס איך נישט, גענוג איז, אז דער "הצופה" האט זיך פון זיינעם איין השתפכות-הנפש-שרייבער, א יונג שרייבערל מיט א דין קול'כל, וואס רעדט אויפ'ן פיסטעל און פיפטשעט ווי א פייגעלע, רק מיט א צעהנטעל פון א חיריק, געלאזען אנשרייבען אויף תשעה-באב איין השתפכות-הנפש-ארטיקעל מיט דער בקשה: זעהט, האט רחמנות און וויינט! וויינט און קלאגט! קלאגט און וויינט! זיצט

אויף דער ערד, זעצט איך טיעפער, נאך טיעפער, א. ז. וו. — זעהט איהר, דאס איז טייטש קאנקורענציע!

אונ נאך איינמאל קאנקורענציע. עס פאהרט א דורך ווארשא, אויף דער רייזע קיין פעטערסבורג, דער ד"ר הערצל. די רייזע איז, ווי דער מנהג איז שוין פון תמיד, א פלעצליכע. ווייסען ווייסען נאר צוויי דריי מקורבים. די „הצפירה", געוועהנליך, איז א מקורב אונ זי ווייסט אין דעם טאג פון דער דורכרייזע ברענגט זי די נאכריכט אונ שרייבט עטליכע ווערטער. א רעש, א געפולדער, גאנץ ווארשא שאקעלט זיך. אונ די איינציגע קוועלע איז די „הצפירה". וואס טוט אבער דער „הצופה"? דער „הצופה" שווייגט; ער שווייגט נאטירליך נאר דערפאר ווייל די „הצפירה" האט נישט געשוויגען. אמת, אז דער עולם האט אנגעהויבען שטארק מורמלען, אז „הצופה" האט געשוויגען, ווייל ער האט פשוט נישט געוואוסט פון דער מעשה, אבער דאס שאדט נישט. דער „הצופה" טוט זיך דאס זייניגע אונ קומט א צוויי טעג שפעטער אונ אין נומער 173 שרייבט ער:

„דעם לעצטען דאנערשטאג איז ד"ר הערצל דורך געפאהרען אונזער שטאדט, פון זיין קומען האבען נאר עטליכע פון די ציוניסטען געוואוסט. אונ זיי האבען פערלאנגט, אז די זאך זאל נישט בעקאנט ווערען עפענטליך. ד"ר הערצל פאהרט קיין פעטערסבורג אין א זעהר וויכטיגע זאך, אונ זעלבסט־פארשטענדליך וואלט בעסער זיין — אונ דאס איז אויך די מיינונג פון פיעל ציוניסטען — ווען מען וואלט עס נישט אויספלוידערן אין די צייטונגען. נאר אזוי ווי עס איז שוין ארויסגעקומען האלטען מיר עס נישט פאר מעגליך עס ווייטער צו פארשווייגען".

וואס טוט אבער „הצפירה"? „הצפירה" קומט אין נומער 174 אונ שרייבט מיט קליינטשיקע אותיו'לעך:

„אונזער געעהרטער קאלעגע, דער „הצופה", שרייבענדיג פון הערצלס רייזע אין רוסלאנד, זאגט, אז די מיינונג פון פיעל ציוניסטען איז, דאס עס וואלט זיין בעסער, אין צייטונגען נישט צו שרייבען פון דער רייזע. אונזער קאלעגע איז אין טעות. ד"ר הערצל פאהרט נישט בעהאלטענערהייט, נאר פראנק אונ פריי. אויך די „וועלט" אליין האט שוין די רייזע פארעפענטליכט. ביי די ציוניסטען איז נאר געבליבען, מען זאל נישט פריהער בעקאנט מאכען די שעה פון זיין קומען קיין ווארשא, כדי צו פארמיידען א צונויף־קומען פון א גרויסען עולם, אבער נאכדעם ווי ער האט ווארשא שוין פערלאזען, איז גאר קיין טעם נישט דא, די זאך צו פארשווייגען".

וואס טוט אבער „הצופה"? „הצופה" — דער אייגענער „הצופה" וועלכער האט צו אנפאנג געזאגט: למען השם, שא שטיל! — ער האט א פנים פארגעסען די גאנצע מעשה, וואס ער האט אונז דערצייהלט, אז מען טאר נישט רעדען, אונ רעדט, זייט יענעם טאג ווי ער האט אנגעהויבען, אהן איין אויפהער טאג־טעגליך. אמת, אויך ער ערצייהלט נישט מי יודע וואס. אויך ער זאגט אונז נישט אויס „די זעהר וויכטיגע זאך", אין וועלכער הערצל איז געפאהרען אונ מיר ווייסען אויך פון איהם נישט, אויב די זאך איז געראטען אדער נישט — דאס א פנים לאזט ער שוין איבער דעם קאנקורענט, דער „הצפירה", אונז צו דערצייהלען — נאר פאר דעם ברענגט ער אונז טאג־טעגליך עפיס מאדנע טעלעגראמעס אונ קארעספאנדענציעס איבער הערצל אין רוסלאנד. דא איז ער נאך נישט אדורך געפאהרען, דא איז ער גאך נישט געוועזן, דא האט ער נאך נישט גערעדט. אין נומער 182 איז ער זאגאר אזוי ווייט פארקראכען, אונז צו ברענגען א ידיעה, דאכט זיך א טעלעגראפישע, אז הערצל איז געשלאפען. „הצופה" א פנים געהט לשיטתו, אז שא שטיל, אונ „געשלאפען" איז יעדענפאלס א זעהר שטילע נאכריכט, ביי וועלכער מען מוז געהן אויף די שפיץ־פינגער. די ידיעה קומט פון קיבארטי. דער עולם אין קיבארטי איז אויסער זיך אונ ווייסען נישט וואס טוט זיך מיט הערצלען אונ ווען וועט ער אדורך פאהרען. זיי פרעגען אן אין פעטערסבורג מיט טעלעגראמעס אונ קריגען קיין תשובה ניט. ענדליך חאפען זיי עפיס א שטיקל נאכריכט פון ווילנא, דורך א בעקאנטען, אונ

„הערר גאלדבערג האט גענומען „זיינע" ציוניסטען אונ איז מיט זיי אוועק צום באהן; דער באהן איז אנגעקומען אונ—הערצל איז אבער געשלאפען".

אונ „הצופה" בעגנוגט זיך אויך מיט דעם נישט. א טאג שפעטער ברענגט ער א מאדנע מין קארעספאנדענציע פון דווינסק. ווייסט איין גאט אין הימעל ווי אזוי דאס מאכט זיך „שוין אזוי, אז יעדעס טעפעלע קריגט זיין שטערצעלע! „הצופה" האט שוין זיין מזל אונ אפילו אין דווינסק האט ער דערטאפט זיין השתפכות־הנפש־קארעספאנדענט. דער קארעספאנדענט, א יוד מיט התפעלות אונ מיט קורצע שורות אונ מיט א לאנגען בריף, רעדט גלאט אזוי, פון מליצה וועגען. ער שרייבט אין איין שורה דאס ווארט הערצל אונ דאן איין אויסרופונגסצייכען אונ דאן גאר נישט מעהר; אין איין אנדערע שורה שרייבט ער „הערצל אין פעטערסבורג" אונ דאן איין אויסרופונגסצייכען אונ דאן גאר נישט מעהר; אונ ווידער אין א שורה שרייבט ער דאס ווארט „אומגליקליכע" אונ דאן דער אויסרופונגס־צייכען אונ דאן גאר נישט מעהר; אונ אין איין אנדערע שורה ווידער: „זעה הערצלען אונ — שטארב!" אונ דאן גאר נישט מעהר; אונ דערנאך ווידער אין א בעזונדערע שורה: „אונ הערצל איז נישט דא!". — דער אינהאלט פון דער דאזיגער מאדנער קארעספאנדענציע איז, אז הערצל איז אדורך געפאהרען דווינסק, אונ עטליכע יונגע לייט זענען געשטאנען אונ האבען געשוויגען, הערצל האט נישט געהאט מיט וועמען צו רעדען, דאס פייפעל האט געפייפט אונ דער גרויסער ערהאבענער מאמענט איז אוועק, אונ א סוף איין עק. חוץ דעם דערצייהלט אונז דער קארעספאנדענט, אז איינער האט זיך אראב־גענומען דעם הוט אונ האט איהם פארגעסען ווידער אנצוטון, ווייל ער איז געוועזן אין גאנצען „התרכזות והתעיינות". ליידער פארשטעה איך נישט גוט העברייאיש, ווייס איך נישט, וואס דאס איז.

אונ דאס אלעס, זעהט איהר, קומט ארויס פון דעם אומגליק־ליכען ביסל קאנקורענציע.

לעקטאר.

---

# פאליטישע נייעס.

— די טערקישע רעגירונג האט, אלס אנטווארט אויף דעם בריף פון רוסישען געזאנדטען, מסכים געוועזען צו אלץ, וואס די רוסישע רעגירונג פארלאנגט פון איהר, אונ האט מודיע געוועזען, אז צוויי בעלגישע אפיציערען האט מען אריין גענומען אין דער טערקישער

זשענדארמעריע און פון איצט אן וועלען שוין זיין 6 אייראפייאישע אפיצירען, וואס וועלען אכטונג געבען, אז די טערקישע זשאנדארען זאלען אבהיטען די נייע רעפארמען. דער רוסישער קייזער האט דע־ריבער בעפוילען, אז די רוסישע שיפען זאלען פון די טערקישע ברע־גען צוריקגעהן נאך סעוואסטאפאל.

— נישט ווייט פון אדריאנאפאל האבען די בונטאוושציקעס געפאנגען גענומען 2 טערקישע אפיצירען מיט 60 סאלדאטען, האבען זיי אויסגעטאן דאס געוועהר און צוריק אוועקגעלאזען. זיי האבען אויך נאך א שטארקע מלחמה, איינגענומען דאס דארף פלארענא און עס אונטערגעצונדען.

— די פארשטעהער פון די בונטאוושציקעס האבען געשיקט א בריף צו די דירעקטארען פון די אריענטאלישע אייזענבאהנען, אין וועלכען זיי בעטען, מען זאל אויף די באהנען קיין מענשען נישט ארויםנעמען, ווייל אין זייער מלחמה צו בעפרייען די קריסטען, וועלען זיי זיין געצוואונגען די אייזענבאהנען צו אונטערמינען און עס וועט מוזען פאלען קרבנות פון מענשען, אויב עס וועלען זיך דארטען גע־פינען פאסאזשירען.

— דער עסטרייכישער קייזער איז גרייט נאכצוגעבען אלע סא־ציאלע פאדערונגען, וואס דאס אונגארישע פאלק פארלאנגט, אבער נישט די וואס זענען נוגע צום מיליטער, דאס אונגארישע מיליטער מוז בלייבען גאנץ פאראייניגט מיט דעם עסטרייכישען און מוז דייטש קאמאנדירט ווערען. די אונגארישע פארטייען ווילען אויף דעם נישט איינגעהן.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דער משפט פון די מיליאנען־שווינדלער עמבער אין פאריז האט זיך געענדיגט. דער פראקוראר האט אין זיין רעדע אנגערופען די שווינדלער א באנדע רויבער, וואס פלינדערען מענשען אין מיטען העלען טאג, כדי צו לעבען בפרייט מיט אלערליי תענוגים. די „גרויסע" טע־רעזע עמבער רופט ער א פרעכע קאמעדיאנטקע, וואס שעמט זיך ניט צו זאגען גראבע ליגענדס. דער פראקוראר ווערד אונטערבראכען פון דער גרויסער טערעזע, וואס ווערד גאר נישט פארשעמט הערענדיג די זלזולים, מיט וועלכע דער פראקוראר זידעלט איהר. אדוואקאט לאבארי (וואס איז בעוואוסט פון דעם זאלא־דרייפוס פראצעס) האט געהאלטען לטובת די אנגעקלאגטע א פייערדיגע רעדע, אבער דאס האט זיי גאר נישט געהאלפען. טערעזע און איהר מאן פרעדריק עמבער זענען פארמשפט געווארען אויף 5 יאהר אסטראג, איהר ברודער עמיל ד'אריניאק אויף 2 יאהר און דער צווייטער ברודער ראמאן ד'אריניאק אויף 3 יאהר.

— אנפאנג אויגוסט איז געוועזען א משפט אין לייפציגער לאנד־געריכט, וועגען דאס ווערק „לא תרצח", וואס גראף ל. נ. טאלסטאי האט אבגעדרוקט אין דייטש. דאס געריכט האט ערקלערט אז אין דעם דאזיגען ווערק בעליידיגט דער פערפאסער דעם דייטשען קייזער, דען ער רופט אן זיין פאליטיק, נישט נאר אין דער לעצטער מלחמה מיט חינא, נאר זיין גאנצע פאליטיק א רציחה־פאליטיק. דעריבער האט דאס געריכט בעשלאסען צו אסר'ען דאס ווערק נישט נאר אין דער דייטשער איבערזעצונג, נאר אויך אין דער רוסישער אויסגאבע, וואס איז גע־דרוקט אין לייפציג.

— דער בעשולדיגונגס אקט אויף די וואס האבען איין אנטייל גענומען אין דעם קישינובער פאגראם האלט מעהר אלס 2000 זייטען.

— דער געוועזענער ענגלישער מיניסטער־פרעזידענט לארד סע־ליסבורי איז געשטארבען צו 73 יאהר.

סעליסבורי איז געבארען אין יאהר 1830. אין יאהר 1878 איז ער געוועזען מיניסטער דעם אייסערן ביי ביקאנספילד'ס מיניסטעריום, אויף דעם בערלינער קאנגרעס איז ער געוועזען דער צווייטער פארטרעטער פון דער ענגלישער רעגירונג, אין 1885 איז ער געוועזען מיניסטער־פרע־זידענט, נאר ער האט אבער באלד אבגעטרעטען גלעדסטאנען, נאר באלד האט ער ווידער די שטעלע באקומען אויף א קורצע צייט, אין 1895 האט ער ווידער די שטעלע באקומען און ביז 1902 איז ער גע־וועזען מיניסטער־פרעזידענט.

## II. יודישע נייעס.

— אין רוסלאנד פאהרט ארום דער פראפעסאר פון דער ניו־יארקער פאלקס־אוניווערזיטעט ראבערט הענטער מיט דעם צוועק צו שטודירען די סבות, פאר וואס די רוסישע יודען עמיגרירען אזוי פיעל קיין אמעריקא. פראפעסאר הענטער איז געוועזען אין מאסקווא, ווילנא, דווינסק און אין די פוילישע גובערניעס, דערנאך וועט ער אויך זיין אין גראדנא און אדעסא, אויך אין די גובערניעס פון דרום רוסלאנד. ביי גראף טאלסטאי האט דער פראפעסאר צוגעבראכט גאנצע דריי וואכען. כדי גרינדליך אויסצופארשען די דאזיגע סבות וועט דער פראפעסאר פארברענגען אין רוסלאנד גאנצע דריי יאהר.

— הערר ברוין, וועלכער איז געשיקט פון דער אמעריקאנישער רעגירונג צונויפצונעמען מאטריאל וועגען די עמיגראציע פון די רוסישע יודען קיין אמעריקא איז שוין צוריקגעפאהרען נאך ניו־יארק, דאס מאטריאל, וואס ה' ברוין האט צונויפגעזאמעלט אין די גובערניעס חער־סאן, בעסאראביע און טאווריע, האט ער צוגעשטעלט צו זיין אמע־ריקאנישער רעגירונג און דאס גאנצע מאטריאל וועט בעארבייטען איין עקסטרע קאמיטעט אין אמעריקא.

— דער „הזמן" שרייבט, אז עס איז צו האפען, אז דער אסור צו מאכען ציוניסטישע אספות וועט אין גיכען בטל ווערען, און בכלל, ווען דער ציוניזם וועט זיך פעסטער אוועקשטעלען און מען וועט קענען א גרויסע צאהל יודען ארויסנעמען פון רוסלאנד וועט די רע־גירונג ניט נאר נישט שטערען דעם ציוניזם, נאר זי וועט איהם נאך שטיצען און העלפען.

— צום אדעסער ראבינאט האט זיך געמעלדעט א קריסט פון טאמבאווער גוב' יעקב זאהאריעוו 60 יאהר אלט און געבעטען, מען זאל איינשרייבען אין די מעטריקע־ביכער זיינע א טאכטער, וואס די פרוי האט איהם געבוירען. דער רב האט איהם געהייסען זיך ווענדען צום רוסישען גייסטליכען, נאר יעקב זאהאריעוו האט ערקלערט, אז ער געהער צו דער סעקטע „יודאיסטען", וועלכע בעשטעהט פון א גרויסע צאהל. די דאזיגע סעקטען ווענען רוסען, אבער היטען אלע דינים פון יודישען גלויבען, זייערע געבעט־ביכער ווענען געדרוקט מיט רוסישע אותיות נאר העברייאישער טעקסט.

דער רב האט זיך געווענדט אין דער שטאדט־פארוואלטונג מיט א פראגע אויב ער קאן די טאכטער פון דעם „יודאיסטען" פאר־שרייבען אין די יודישע מעטריקען־ביכער.

— א יונג מיידל א קאראימקע אויס ניקאלאיעוו האט זיך געווענ־דעט צום אדעסער שטאדט־רב, ער זאל איהר ערלויבען חתונה צו האבען מיט א יודען. דער רב האט זיך געווענדט וועגען דעם מיט א שאלה צו א בעוואוסטען יודישען אדוואקאט ה' מרגליות, אויב מען קאן לויט דעם רוסישען געזעץ מסדר קרושין זיין א קאראימקע מיט א יודען און דער אדוואקאט האט געענפערט, אז לויט דעם רוסישען זאקא

טאר א יוד מיט קיין קאראימקע נישט חתונה האבען, אויך די אנדערע יודישע געלעהרנטע האבען גענטפערט, אז לויט די יודישע געזעץ טאר א יוד נישט חתונה האבען מיט א קאראימקע.

---

# דער פתרון פונ'ם חלום.

א שווערען חלום האט דער אלטער שמעון משה שמש געזעהן. שטיינער ליגען איהם אויפ'ן הארץ. צוויי תעניתים האט ער געפאסט, אונ ס'האט איהם גאר ניט פארגרינגערט; פארקעהרט: וואס מעהר א טאג, ווערד איהם אלס שווערער אונ שווערער.

קרעסיע זיינע פעהלט איהם א צינד, א גוטען זכות זאל זי טראגען. זי איז געוועזען א מומחה צו א חלום. האט זי איהם שוין ניט געקאנט פותר זיין צו גוטען, פלעג זי איהם גלאט אזוי צעשלאגען, צעטרייבען, ווי א רויך, אויף אלע פיסטע וועלדער.

זי פעהלט איהם ארום אונ ארום. א לייטישע יודענע דאס איז געווען! אין אלע זיינע דרייסיג יאהר, וואס ער האט מיט איהר א וועלט געפיהרט, געדענקט ער ניט, זי זאל איהם האבען גורם צער געווען, חוץ דעם, וואס זי האט געחאפט אונ געשטארבען פאר איהם.

שווער, שווער איז דעם אלמן זיין עלטער! יעדער טאג איז ווי פון בלי! צי זאל ער זיך פאר די אויסגעגעבענע קינדער פארטרויען?...

היינטיגע יונגענלייט!... ס'גלויבט ניט!... זיי חלומ'ט זיך קיינמאל ניט....

איי איי! פיצעלעך נשמה'לעך! א „משהו", זיי גלויבען ניט, צי וועט מען זיי אויף יענעם עולם אפילו גיהנם פסק'נען.

צי זאל ער עס אפשר דערצייהלען אין קלויז?

באמת גערעדט, איז ער דאך זיי ניט קיין שונא חס־ושלום; ער רייסט זיך נאר צום מאל אפ אויף זיי, ווען די גאל פיקעט, צוקוקענדיג די נייע מנהגים, נייע חזנים, נייע בעלי מזרח אונ בעלי עמידות; נאר ביי זיך אין הארץ האט ער אויף זיי א זכות: דער רבונו של עולם אין זיין גרויסער קלויז האט אויך ניט קיין שענערע בעלי עמידות אונ קיין לייטישערע מזרח'ניקעס. ער וויל עס פאר'ן מויל ניט ברענגען, נאר אויפ'ן עולם האמת וועט ער זיך אויסטענה'ן.

דאך דעם חלום קאן ער זיי ניט דערצייהלען: זיי וועלען אפשר לאכען פון איהם, צו זינט וועט ער זיי נאר ברענגען!

ער אליין געדענקט איהם אויך ניט אזוי קלאר. דעם אנהייב געדענקט ער נאר: „קרעסיען" האט ער געזעהן טראגען א פול פארטוך מיט אתרוגים. זי האט אויף איהם אנגעשריגען: „גיכער, טו א קיש דאס פרכת אונ העלף מיר טראגען נשמות!

זי האט איהם בשעת מעשה עפיס דערלאנגט אונ עפיס גענומען ביי איהם!... מילא דעם פתרון דערפון ווייסט ער: ס'שטעהט דאך אין דער גמרא... נאר אויך דאס אייגענע! ס'איז שוין באמת צייט! שוין אריבער די יאהרען פונ'ם פאטער עליו־השלום.

נאר דאס איבעריגע געדענקט ער ניט קלאר.

אונ ער וואלט זיך אפשר געקאנט מאטערען אונ דערמאנען, נאר ער האט פחד צו דערמאנען זיך...

ערשט שבת צו דער קריאה איז'ס איהם אינגאנצען אויפגעשוואומען פאר די אויגען:

איהם האט זיך געוויזען — ס'איז שבועות. מע לייענט... מע רופט אויף מענשען — ניט פון זיין קלויז; מע רופט איהם אויך... צו די עשרת הדברות רופט מען איהם... אונ פלוצלינג — א פסול אין ספר! די אלף פון „לא תרצח" איז אפ געשפרונגען...

ער געדענקט אפילו וואס פאר א ספר.

דאס ספר האט ביי איהם א היסטאריע.

דאס ספר האט א הער געבראכט איינער פון זיינע אלטע בעלי־בתים, וואס האט זיך א הער איבערגעקלויבען... פון צווישען צעהן ספרים איז דאס איינס נצל געווארען... דער בעזיצער פון דעם ספר האט עס געירש'עט פון א זיידען אונ האט געזאגט דערויף א השערה, אז ס'איז נאך פון שפאניע. ס'איז נאך קיינמאל ניט פסול געווארען.

שמעון משה האט געגלויבט דעראן, ווייל פון זינט ס'געפינט זיך אונטער זיין רשות איז אויך נאך קיין אות דערפון ניט אבגעשפרונגען. ביי די הקפות פלעגט ער עס פארשטעלען, פארלייקענען; קיין שום גביר האט ביי איהם ניט זוכה געווען צו געהן דערמיט. נאר דער אלטער ניסן־הירש מלמד פלעגט א מאל זוכה זיין ביי איהם דערצו, איין עהרליכער יוד געווען — ר' ניסן־הירש!

ער האט שטארק געגלויבט אין דער הייליגקייט פון דעם ספר, אונ דערפאר האט ער זיך ניט געקאנט גלויבען, אז דער חלום וועגען דעם, זאל זיין גלאט א חלום.

ערשט נישט לאנג איז ער מיט א מאל געוואהר געווארען דעם פתרון פון זיין חלום...

אז ער האט געהערט די מאדנע ניט־יודישע יום־טוב'דיגע זמירות איבער דער גאס... איז ער געבליבען ווי פארהילצערט...

פון זיין פאטער עליו השלום האט ער עס געהערט:

„אז קין האט געוואלט הרג'ענען הבל'ען, האט ער ניט געוואוסט פון וועלכען אבר אנצוהייבען: געפריווט שלאגען איבער די פיס, איבער די הענט, די אויהרען געלעכערט, ביז ער האט אם ענדע געטראפען אויפ'ן הארץ".

אונ יעדעס מאל פרובט מען אזוי ביז מען טרעפט אונז אין הארץ — אונזערע ספרים.

אין איהם האט זיך אנגעצונדען א פייער. ווען דער פאטער זאל זיך אין דער מינוט ווייזען פאר איהם, וואלט ער זיך געקריגט מיט איהם אויף מסירת נפש:

„אז ניט יודען — וואס טויג דעם רבונו־של־עולם די גאנצע תורה זיינע?!

איהם פאלט איין, אז מע מעג נעמען אלע ספרי תורה, אראברייסען פון זיי די עץ חיימ'ס אונ צעשפאלטען די קעפ פון די אלע בני קין.

אויפ'ן עולם האמת וועט ער זאגען דעם פאטער, אז ער האט אויך ניט געוואוסט, וואו דאס יודישע הארץ איז.

עס טוט איהם שטארק באנג, וואס זיין ביילע — דאס יונגסטע מיידל - איז אין דער פרעמד. ער וואלט זי אריינזעצען אין ארון־קודש צווישען די תורות אונ אליין וואלט ער זיך דא אוועקשטעלען אויף די טרעפ!

איהם האט עס פארחאפט איז זיין קלויז. ער איז ארויפגע־

גאנגען צום ארון־קדש, געעפענט די שערי צדק, און א קוק געטאן אויף די ספרים. עס האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז דאס אויבענדערמאהנטע איינציגע איבערגעבליבענע ספר קארטשעט זיך, ס'שטעהט דערשראקען, ס'בעט רעטונג. ער האט זיך געפאסט צו רעטען עס.

ער האט אוועקגעשטעלט דאס ספר העט אין א ווינקעל, פארשטעלט עס מיט די איבריגע.

נאכדעם איז איהם געקומען אויפ'ן געדאנק, ער איז נוהג בזיון אין יענע ספרים: זיי וועלען איהם לאדען פאר דער פמליא של מעלה.

נאר ער האט אבגעשאקעלט מיט דער האנט: סיי ווי איז מסתם דארט פאראן חשבונות אויף איהם.

ער האט זיך דערמאהנט, ער דארף נאך עפּיס נייטיגס טון: צוגרייטען זיך.

ער האט ארויסגעריקט דעם אונטערשטען לאדען פון דער מעריב'דיגער ספרים־שאפע. דארט איז געלעגען זיינס א בינטעל. קיינער האט ניט געוואוסט, וואס דארט ליגט.

ער האט צעבונדען דאס בינטעל, אנגעטאן תכריכים, געלעגט תפילין, איינגעהילט זיך אין טלית. ער איז שוין ווי פארטיג. נאר עפּיס פעהלט נאך אין דער האנט. ער האט זיך דערמאהנט אין דער האק, וואס מע האקט מיט איהר ווינטער האלץ צו הייצען די קלויז. אבגעזוכט זי און אוועקגעשטעלט זיך פאר'ן ארון קדש.

ער האט א קוק געטאן אויף זיינע הענט און האט זיך ניט אויפגעהאלטען פון א צופרידענעם שמייכעל: ער האט זיך דערמאהנט, אז שמחת תורה ביים שווערסטען ריינינגקייט געהט ער מיט הגבהה־גלילה.

זאלען זיי אמאל געוואהר ווערען פון א יודישער האנט!"

ער איז געשטאנען און געווארט אויף זיי.

פון דרויסען האבען זיך געהערט קולות.

די ערשטע, וואס האבען זיך אריינגעבראכען אין קלויז, זענען געבליבען אויף דער שוועל פארהילצערט:

א בעשעפעניש אין ווייסען איינגעהילט... אלעס אין איהם איז ווי פון חמארע אויסגעבלאזען... עס לעבען נאר אין איהם צוויי ברענענדיגע קוילען אין די אויגען... די האק, וואס אין זיין האנט, איז אויסגעשטרעקט אקעגען, ווי א שטומע אזהרה... מע האט געקאנט דענקען, אז ס'איז פונים הימעל אראבגעשיקט געווארען צו בעהיטען די קלויז.

עטליכע רגעים האבען זיך די איבערראשטע געסט איבערגעקוקט — שווייגענדיג. איינער פון אונטען האט ארויסגעשאסען א געלעכטער.

די חברה זענען געקומען צו זיך.

זיי האבען בעטראכט דעם גלעזערנעם יודען. זיי האבען געפונען, אז ווי אויף קליינע שטיקלעך זיי זאלען איהם ניט צעבּרעכען, וועט ער ניט קלעקען דער גאנצער חברה. דאך האבען זיי זיך ניט געוואגט באלד אנפאלען. זיי האבען זיך אנגעשטויסען אין די ברענענדיגע אויגען, אין דער שטומער הענגענדיגער האק. אז עטליכע פון זיי מוזען דא פאלען טויט. קיינעם האט זיך ניט געגליסט צו זיין איינער פון די קרבנות. זיי זענען נאר געגאנגען רויבען, שלאגען און מארדען, ווייל מ'האט זיי איינגערעדט, אז א יוד שטעלט זיך ניט אקעגען. מע דארף אויפהייבען דאס מעסער, און דער יוד שטעלט שוין אליין אונטער דעם האלז... און דעמאלט, נעם דיר וואס דיין הארץ גליסט! נאר אויף מסירת נפש — איז דאך קיינער ניט קיין בעלן.

און דער שמש שטעהט און וואַרט. ער ווייסט ניט די ווערט פון דער מינוט. ס'ערשטע מאל אפשר אין אלע דורות פון זיינע אבות צו געהן אויף שפיכות דמים. אנהייבען וויל ער ניט.

און אלעס וואס אין איהם רופט איהם ארויס דערצו. א קוואל פון כח איז איהם צוגעקומען. עס שוועבען פאר זיינע אויגען: יהודה המכבי, ר' עקיבא מיט די תלמידים, די עשרה הרוגי מלכות... "קרעסיע"... זי טראגט א פול פארטוך נשמות... זי רופט איהם:

"טוה א קיש דאס פרוכת!"

ער האט זיך ארונטער געקעהרט. די פון גאלד אויסגענייטע עשרת הדברות אויפ'ן פרוכת האבען איהם געפונקעלט אין די אויגען. דער לא תרצח האט זיך איהם געוויזען גרעסער, אנזעהעוודיגער און לעכטיגער...

די האק איז ארויסגעפאלען פון דער האנט.

א שווערע לאסט איז געפאלען אויפ'ן קאפּ.

ווען ער האט זיך אראבגעקייקעלט פון די טרעפּ איז שוין די נשמה געשטאנען פאר דער פמליא של מעלה און זיך אויסגעטענה'ט מיט'ן רבונו של עולם.

דער ווילדער עלעמענט האט זיך געווארפען צום ארון קדש, איבער געזוכט און איבערגעטאפּט אלע ווינקעלעך; נאר וואס זיי האבען געזוכט האבען זיי ניט געפונען. נישטא די קהל'ישע פארבארגענע אוצרות, וועגען וועלכע מען האט זיי דערציילט.

אויפגערייצט האבען זיי זיך געווארפען אויף די ספרים: צעריסען און געטרעטען די יודישע "געשריבענע" תורה.

נאר דער איינציגער, וועלכער האט פאר'שכור'ט דעם עולם מיט זיין ווילדען ארויסגערופענעם געלעכטער, איז געשטאנען ביים הרוג און האט קיין טייל ניט גענומען אין דער ארבייט:

ער האט פארשטאנען, אז פיעל מעהר, וויפיעל ס'איז דארט געבליבען אין ארון קודש און אין נאך הונדערט אנדערע ארון קודש'ן — איז דא פון די טרעפּ אראבגעפאלען.

דאס טייכל בלוט האט איהם אנגעהויבען אונטערגעהן אונטער די פיס, ער האט זיך אבגערוקט. דאס טייכל האט זיך צעשלאגען אויף צווייען און האט איהם פארנומען פוןביידע זייטען.

ער האט געזוכט ארט ארויסצוגעהן טרוקען; נאר די טייכלעך יאגען איהם נאך... ער האט זיך איינגעבויגען.

דעמאלט האט פון אונטער דעם אויבערשטען ראק ארויסגעקוקט א שטיקל געפרעסטער קאלנער ניט ווי די אנדערע האבען געטראגען...

יהודה שטיינבערג.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג "פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b. Kraka

## אויף דעם זאמעל־בוך „הילף"

וואס די גאנצע הכנסה געהט פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

(פרייז 1 רובל מיט פארטא)

**אורעשא** (מאנגאליא): ס. י. קאראנסקי. — **אקערמאן**: פראוויזאר שווארצמאן — **באברינעץ**: י. י. בערדיטשעווסקי (4 עקז.). — **ביעלאסטאק**: א. ק. קויפמאן, נ. י. האלפערין. — **בעריסלאוו**: ש. דיינאוויטש, ישראל סאבסאי, משה קאנעווסקי, י קאפון, י. ראדנצי. — **וועליזש**: מ. יפה (2 עקז.) — **זאסלאוול**: צ. קריווין. — **טיפלים**: א. י. רובינשטיין. — **טשערקאסי**: ל. י פעלדמאן. — **טראסטיאנעץ**: מ. ראטענבערג — **יענאקיעווא**: ס. קאצענטעל. — **לאמזע**: א. גוויאזדאוויטש. — **לאעוו**: קריינע ברוכמאן. — **ליפקאני**: א. י. קויפמאן. — **מאזיר**: ר. מ. קוגעל. — **מאנזיר**: מ. חיימאוויטש. — **מאריאנאווקא**: פאני ראזענפעלד. — **מוראוואניע־קורילאווצי**: מלכה ברוין. — **מיטאווא**: ס. מילוויצקי. — **מינסק**: י. מילעצקי. — **סלאבאדא־פאקראווסקאיא**: א. י. ריינוס. — **סלאנים**: פ. בערמאן. — **פינסק**: ק. שליאקמאן. — **פראסקוראוו**: א. זעקצער. — **קונעוו**: ח גרינוואלד. — **קישינוב**: ה. ח. ערליך — **ראדאמיסל**: ב. ביעלקאווסקי, החברה „נחמיה" החברה „קדימה". — **ראדול**: א. בערלין. — **ראסנאפאל**: מ. פינקעלשטיין. — **שאנחאי** (חינא): נ. פאדריאטשיק. —

ס"ה: 39 עקז. —

## נדבות

(דורך די אדמיניסטראציאן יודישע פאלקס־צייטונג אין קראקוי).

**פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.** מ. זילבערמאן (ווארשא) 50 ק. — נחום בוך (קיוב) 3 ר'. —

**פיר דעם נאציאנאלפאנד**: ראפי קאזאצקער (דובאסארי) 1 ר'. — אלכסנדר ראזענמאן (ווארשא) 1 ר'. -- צבי ראוויטין (ווארשא) 1 ר'. — נחום בוך (קיוב) 3 ר'. —

**פיר די יתומים פון קישינוב.** יצחק שלאסבערג, אהרן ראזינמאן, יוסף שלאסבערג און שמואל ראזינמאן (גאראווליע, מינסקער גוב.) גראטוליערען שרה בוכמאן מיט מנחם מאגידסאן צו זייער האכצייט און זענען מנדב 2 ר'. —

---



---





---

# הַקֶּשֶׁת

### ירחון־מצויר לעניני החיים, הספרות והאמנות.

ערוך בידי **יוסף ליאָן**

ויוצא לאור בברלין בהשתתפות טובי הסופרים, החכמים והאמנים העברים במזרח ובמערב, וביניהם גם: ראובן בריינין, דר. ש. ברנפלד, ח. נ. ביאליק. ל. ברוכביץ, בן־יהודה, מרטין בובר, גרשום באדר, ש. ל. גרדן, עזרא גולדין, דר. ע. גינציג, א. מ. גנצר, דר. תיאודור הרצל, מ. מ. הורוויץ נ. טורב, דוד טריעטש, שאול טשרניחובסקי, פרופ. יהושע ליאון, מ. ל. ליליענבלום, א. ליבושיצקי, אפרים משה ליליען, ליפמן לעווין, ברון פאן מינכהויזען, דר. מקס נרדוי, דר. אלפרד נוסיג, דר. נחום סלושץ, דוד פרישמן, ברטולד פייוועל, נ. פינס, דר. צבי פרבשטיין, מורה האיניברסיתה דר. ישראל פרידלנדר, דר. תיאודור צלאציסטי, הלל צייטלין, ש. ל. ציטרון, דר. יוסף קלויזנר, משה קליינמן, פרופ. רוזנבערג, דר. י. רנצר, י. רבינוביץ, יהודה שטיינברג, הצירים הרמן שטרוק, לסר אורי ל. פיליחובסקי, ש. הירשנברג ועוד ועוד.

הירחון החדש „הקשת" ישאף להספיק את התביעות והדרישות התרבותיות, העבריות והאנושיות, של היהודי בן־דורנו; להרים את רוח הקהל העברי ולשכלל את טעמו הספרותי; להפיץ ולפתח במחננו את דעת האמנות ורגש היופי; להאדיר ולהגביר את רוח התחיה והתקומה הלאומית בכל צדדיה וגוניה.

### תכן־הענינים אשר יבואו ב„הקשת":

א) סקירות כוללות על כל החזיונות הנכבדים והחדשים בחיים העברים והכלליים, העומדים או הראוים להעמד על הפרק.

ב) „הקשת" תאיר על המחזות, השאיפות והזרמים הספרותיים בישראל ובעמים; כמו כן תבאנה מעת לעת מסות־כפרותיות (איסיים) ע"ד מקצועות שונים בספרות, אמנות ומדע ועל אדות חכמים, סופרים ואמנים עברים ולועזים. בפרק הזה גם יעירו את הקוראים על ספרים ועתונים חדשים בספרות שונות.

ג) פרקים באמנות: בציור, פסול, בנאות, השירה והזמרה, חזיונות בתי־המשחק בישראל ובעמים.

ד) ציורים ותמונות מגדולי הצירים והאמנים, מנגינות לשירים עברים־לאומיים, הנאותים גם לשיר במקהלות ובאגודות.

ה) חלק הספרות היפה: 1 ספורים, ציורים, הומרסקות, שרטוטים ורשמי־מסע 2 שירים 3 בדיחות וחדודים, פתגמים ומכתמים.

ו) מאמרי מדע פפלריים, פרקים בחינוך הגוף והרוח.

ז) ידיעות שונות.

**„הקשת"** נוסדה על בסים חמרי נאמן ונכון, המבטיח את קיומה מראש. מחירה רק: 7 מרק או 3.50 רו"כ לשנה; 3.50 מרק או 2 רו"כ לששה ירחים; 2 מרק או 1 רו"כ לרבע שנה. ובערך זה גם לשער כספים האחרים.

### לסוכנים הנחה הגונה.

(247) כתבת „הקשת": 1—3

LEWENT'sche Buchdruckerei, Verlag des **Hakescheth**, Berlin, Lindenstr. 93.

אפשר לחתום על „הקשת" גם ע"י הפוסטה. וע"י כל בתי מסחר הספרים הגדולים. ברוסיה אפשר לחתום על „הקשת" גם ע"י בימ"ס הספרים של מר חיים יעקב שעפעל בקיוב. כתבתו כשמו.



איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדערס"

## נייעס!! נייעס!!

### ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, אונ נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. זיי האלטען גוט איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, בריללען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע אונ אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**

подъ фирмою **Але сандеръ**
Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענדער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגינאלע מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא



וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יענינע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער 149 הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 17 50

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ. **Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп дороже.**

Адресовать:
**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственымъ банкомъ).
Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

---

## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן
דאמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען
ד. באראדאווסקי ווארשא, לעשנא № 9 וואהנ. 4
אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען
25—16 אין 24 שטונדען. 147



## פאבריק פון אייזערנע קאסטקעס (קליינע קאסעלעך)

## A. LAMPRECHT

CZERNIAKOWSKA 98, W WARSZAWIE

עמפפעהלט אויטאמאטישע שפאר-קאסעס שטארק אונ שען געארבייט.
אנגרא פערקויף אין דער פאבריק
240 איינצעל פערקויף אין ווארשא ביי: 8—4
K. BRUN, PLAC TEATRALNY.

---

## אתרוגים לולבים והדסים

ליעפערט גוט אונד בילליג די אין דער גאנצער וועלט בעקאנטע פירמא

**Hermann Rath, Triest**
Oesterreich.

ביטטע אויספיהרליכע פרייזליסטע צו פערלאנגען. (243) 6—2

---

בבית־מסחר־ספרים של
**ז. ש. שרעבערק,** ווילנא, סטעפענג.
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Среберка, Вильна. 225 50—10

---

Зеркальный фабрикантъ
ЮДКА ВЕЙВБЛАТЪ,
Варщава, Слизская 22.

עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע שפיגעל, אויך אללע צירראטין פיר שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע אונד קליינע פאבריקאציאן. די בעסטע עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט אנגעלעגענהייט. ביליגסטע פרייזען!
(104) 25—21

---

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען אונ נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варщава.

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט אגוטע פרנסה איינפיהרען, אבריפליכע ערקלערונג **חנם לכל דורש.**
**Я Найдичъ, Варшава.**

---

בבית מסחר הספרים
**י. ראזומאווסקי בברדיטשוב**
ובהמחלקה שלו **בווארשא, נאלעווקי 34**
אצל **א. ציילענגאלד** נמכרים כל מיני ספרים במקחים נמוכים. (217) 50 14

---

Оптическо-Хирургической складъ
И. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава

רוכבענדער עלעקטרא - גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- אונ בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס אונ הענד, שטוצנע אויגען,ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע אונ שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע אונ חירורגישע ארטיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק
**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**
אלץ ווערד צו געפאסט דורך ספעציאליסטען
234 25—7

---

## בית־מסחר ספרים

## ב. צ. שיינפינקעל

**ווארשא זלאטע 63**

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאד. (210) 50 15

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

**פאבריק פון זילבער 84 פראבע**
(128) עט פלאטעט־וואארען. 50 32

И. ШЕКМАНЪ
Варшава, Налевки № 20.
פאבריק דוקא נאלעווקי 20.

---

## היימישע מיטטאגען!

צו מעסיגע פרייזען, אויך פערשיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי
**אהרן משכיל-לאיתן**
ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. (192) 50-22

---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ** 281 8—90

для сбыта **издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ** со значительн. прибылью. **Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими** заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. **Каталоги и условія безплатно.** Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

---

לצבי ולכבוד הגוי כלו, י"ל:

## המקהלה

### או גלריה של משוררי ישראל.

קובץ (אלבום) **94** תמונות משוררי עמנו מלבד תמונה אליגורית ושער מוזהב למקהלה ערך ספרותי ואומנתי, לכל התמונות ביוגרפיות מדויקות ותגנצים מינשי-חשב ושלל צבעים. המקהלה היא נאה ויאה **לעלא מן כל תשבחתא** ומסוגלה בתור פרס לתלמיד, דורן לבר מצוה וכלי חמדה לכל הדוגל בשם ישראל. גדל מדתה רבע גליון, מכורכה בבד ומוזהבת. מחירה באנגליה **5** שיללינג, **6** פענס, עם המשלוח **6** שיללינג, ברוסיה עם המשלוח באחריות **3** רובל (בשטרות רוסיה או במרקאות הפוסתה בנות **10** קאפ') ובערך זה בכסף שאר הארצות. להשיגה בבתי מסחר הספרים. לסוחרים ראבאט הגון. הסוכנים הראשים הם: 3—3 238

GREENBERG & Co.,
**LONDON 80 Chancery Lane, W. C.**

---

פריוואט-אנשטאלט פון קינדבעטורין פון ד"ר **וואוועלבערג,** לעשנא 79, ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדבעטורינס אומזאנסט. פיר פערמעגליכע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג. אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר פרויען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12
231 פריה. (20—10)

---

## ספר חדש הנכבד ללומדי הספרות הרוסית!!

## СОТРУДНИКЪ ГИМНАЗИСТА.

Пособіе при изученіи русской словесности образцы и образцы и планы литературнаго характера. Цѣна 1 руб., во всѣхъ книжн. торговляхъ. Складъ изданія. Типографія І. Лурье С.-Петербургъ Гороховая ул. 48. 3—1